№ 25. צווייטער יאהרגאנג

# יודישע פאלקס־צייטונג

17 Juni 1903. פערלאג „פאלקס־בילדונג" ווארשא. כ"ב סיון תרס"ג.



# בעקאנטמאכונג

## פון בד"צ דפה.

אזוי ווי מיר זענען געוואהר געווארען אז אונוויסענדע מענשען פערשפרייטען צווישען דעם פאלק פאלשע שמועות, אז עס איז געאסרט געווארען דורך דעם היזיגען בד"צ צו קויפען און צו ניצען סחורות און פאבריקאטען (ווי פאפיראסען, טהע א. ד. ג.) פון איניגע האנדעלסהייזער אדער פאבריקען, וואס דאס איז געגען די געזעצע פון אונזער הייליגע תורה, וועלבע לערנט אונז ליב צו האבען יעדען מענשען, און כדי להסיר את המכשלה הזאת, וואס שטאמט געוויס נור אויס געלד־גייציקייט פון פריוואט מענשען און האנדעלס קאנקורענץ, און דערפון קען נור ארויס קומען שאדען אזוי פיר די סוחרים ווי פיר די קייפער, און אויסער דעם איז עס א גרויסער חלול השם, דארי־בער געפינען מיר בד"צ דפה פיר נייהטיג צו ווארנען אונזערע ברודער אחב"י, אז זיי זאלען ניט הארכען די אויסגעטראכטע און פאלשע שמועות, וואס האבען ניט קיין יסוד. און מיר מאכען דא בעקאנט, אז אללעס וואס ווערד בעשטעטיגט פון היזיגען בד"צ ווערד בעקאנטגעמאכט דורך געדרוקטע מודעות און פערעפענטליך מיט ערלויבניש פון דער רעגירונג און בעשטע־טיגט דורך די דאזארעס, אבער אלע שמועות וואס געהען ארום אפילו געשריבען אדער געדרוקט אים נאמען פון בד"צ ניט מיט דיזער ארדנונג זענען ניט ארויסגעקומען פון אונז און זיי זענען דורכאויס פאלש, און אונזערע ברודער אחב"י דארפען דארויף ניט קוקען, זיי זענען נאריש און אונרעכט. ולהשומע ינעם ותבא עליו ברכת טוב.

באנו עה"ח יום ג'. כ"ט אייר תרס"ג לפ"ק פה ווארשא.

אויף דעם אריגינאל זענען געהתמ'עט אלע ווארשויער רבנים.

(דער זיגעל פון ראבינאט) № 76.

די רֶעדַאקציָע „יוּדישע פאלקס-צייטונג" איז מודיע, אז ד' איז צוגעטרעטען ארויסצוגעבען א זאמעל-בוך (סבארניק) פאר דעם פאלק מיט דעם נאמען

# „הִילְף"

## די גאנצע הַכְנָסָה פון דעם סבארניק וועט

## געהן פאר די פּאַראוּמגליקטע יודען אין קישינוב.

אין דעם סבארניק וועלען אריינקומען זאכען פון די **בעסטע יודישע שריפטשטעלער**, וואס שרייבען זשארגאן אונ העברייאיש אונ אויך די וואס שרייבען אין אייראפּייאישע שפּראכען, וואס וועלען פון דער רעדאקציע איבערזעצט ווערען אין זשארגאן.

אויך וועלען אריינקומען אין דעם זאמעל-בוך אילוסטראציעס פון בעריהמטע יודישע קינסטלער.

אין זאמעל-בוך „הילף" וועלען אריינקומען אריגינעלע ארטיקלען פון

## לעוו טאלסטאָי אונ מאקסים גארקי

איבערזעצט פון רוסישען אין זשארגאן דורך אונזער מיטארבייטער **שלום עליכם**.

פון די יודישע שריפטשטעלער האבען ביז איצטער זיך אנגערופען מיטצואַרבייטען אין זאמעל-בוך „הילף": **מענדעלי מוכר ספרים** (שלום יעקב אבראמאוויטש); **שלום עליכם** (ש. ראבינאוויטש); **דוד פרישמאנן; בן-עמי** (מ. ראבינאוויטש), **עזרא גאלדין; מנשה מרגליות;** אונ **אלעזר שולמאן**.

די ווייטער צוגעקומענע שריפטשטעלער וועלען מיר מודיע זיין אין אונזער צייטונג.

**דער פרייז פון סבארניק איז 1 רובל מיט פּארטא.**

דעם חשבון פון דער הכנסה מיט דער הוצאה פון סבארניק וועלען מיר אין דער צייט מודיע זיין אין אלע יודישע צייטונגען.

רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג".

אבאנאמענטס-פרייז:

עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . . 5 „
פיערטעל-יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פיערטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעססע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

# יודישע
# פאלקס-ציימונג:
## א וואכען-בלאט פאר אלע יודישע אינטערעססען.

די אדרעססע פאר עסטרייך-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעססע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ"
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

אבאנאמענטס-פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב-יעהרליך 2 רובל
פיערטעל-יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב-יעהרליך 3 רובל, פיערטעל-יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים איינשרייבען 2 רובל, דעם 1-טען אפריל 1 רובל, 1-טען יולי 1 רובל און דעם 1-טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנציינען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

17 Juni 1903. Nr. 25. כ"ב סיון תרס"ג.


# צו אונזערע געעהרטע אבאנענטען.

מיר דערמאנען די געעהרטע אבאנענטען, אז מיט

## נומער 26 ענדע חודש יוני

ענדיגט זיך דער אבאנאמענט פון די וואס האבען אויסגעשריבען די פאלקס-ציימונג נאר אויף איין האלב יאהר און בעטען אין דער צייט ארייננשיקען דעם אבאנאמענטס פרייז: אויף א האלב יאהר 2 רובל; א פיערטעל יאהר 1 רובל.

אויך דערמאנען מיר די יעהרליכע אבאנענטען, וואס האבען אויסגעשריבען די ציימונג צוזאמען מיט דער פרעמיע, 4 בענדער פון אלע שלום עליכמ'ס ווערק, אויף ראטען, דארפען צום 1-טען יוני צושיקען

## די דריטע ראטע 1 רובל.

די ניט יעהרליכע אבאנענטען בעצאהלען פאר דער פרעמיע 4 בענדער פון שלום עליכמ'ס ווערק 2 רובל, אדער 50 קאפ' פאר יעדען באנד מיט פארטא.

מיר בעטען די יעהרליכע און ניט יעהרליכע אבאנענטען ארייננצושיקען דעם ווייטערדיגען אבאנאמענטס פרייז ניט שפעטער פון 1-טען יוני, כדי מיר זאלען זיי קענען פינקטליך שיקען די וואטערדיגע נומערן.

## די אדמיניסטראציע.

**אנמערקונג:** 1) מיר בעטען די אבאנענטען, אז ביים ארייגשיקען דאס געלד זאלען זיי מודיע זיין יעדער זיין נומער פון באנדעראל. 2) אבאנענטען אויף דער „פאלקס-ציימונג" ווערען אנגענומען ניט ווייניגער ווי אויף א פיערטעל יאהר פון נומער 1, פון נומער 14; פון נומער 27 און פון נומער 40. 3) די „פרעמיע" אהן דער ציימונג פערקויפט זיך ניט.

## דער זעכסטער קאנגרעס.

דער זעכסטער ציוניסטען-קאנגרעס איז שוין בעשטימט. דעם 10/23 אויגוסט וועט ער זיך עפענען און א גאנצע וואך וועט ער געדויערען.

צום זעכסטען מאל אלזא וועלען זיך די אויסגעקליבענע פונ'ם יודישען פאלק צוזאמען-פאהרען, כדי זיך די הערצער אויסרעדען וועגען דער ביטערער לאגע אצינד און וועגען די האפנונגען אויף שפעטער.

די קאנגרעס-צייט איז יעדעס מאל געוועזען א יום-טוב אינ'ם יודישען לעבען. די גייסטער ווערען אויפגעהויבען, די געמיטער פרייהליכער, ווייל יעדער פיהלט, אז דא שלאגט דער אמת'ער נאטירליכער דפק פון אונזער פאלקס-לעבען.

און אויך איצטיגס מאל פיהלט זיך שוין די קאנגרעס-צייט אין אונזער אטמאספערע. די ציוניסטישע אגודות לעבען אויף, א פיבערליך האסטיגע טעטיגקייט הייבט זיך שוין אן, דאס התלהבות הייבט אן קענטיג צו ווערען פון טאג צו טאג.

דער היינטיגער קאנגרעס ווערד נאך פיעל אינטערעסאנטער ווי תמיד, ווייל די יודישע הערצער זענען פון די לעצטע אומגליקען שטארק בעשווערט. א טיעפער טרויער-שלייער האט אין דער לעצטער צייט ארומגעהילט די יודישע מחנה און סע פיהלט זיך א טיעפעס בעדירפניס, זיך מיט די פאלקס-פריינד ווידער צוזאמען צו קומען. זיך די שווערע הערצער אויסצורעדען.

אויסערדעם פארשפרעכט דער היינטיגער קאנגרעס שטארק אינטערעסאנט צו זיין, ווייל מע שמועסט, אז אויף דעם קאנגרעס

וועלען פארגעלייגט ווערען זעהר וויכטיגע ג י י ע פלענער פון קאלאניזאציע אין ארץ־ישראל.

מיר ווילען ניט פארלויפען פריהער. מיר וועלען בעסער אבווארטען ביז די זאכען וועלען פאר אונז דייטליך אונ קלאר פארגעלעגט ווערען. אין גיכען וועט בעקאנט ווערען די פראגראמע פונ'ם קאנגרעס אונ דאן וועלען מיר קענען רעדען וועגען די פרטים.

אציגד אינ'ם ערשטען ארטיקעל ווילען מיר נאר רעדען וועגען אלגעמיינעס אינטערעס פון היינטיגען קאנגרעס.

די ציוניסטישע פארטיע איז אונטער דער צייט קרעפטיגער געווארען. זי איז, ווי מע זאגט, ארויס פון די קינדערשע שיכלעך, אונ בעקומען א פנים פון א דערוואכסענעם סאלידען, זעלבסט־בעוואוסטען מאן.

די מיינונגס־דיפערענצען זענען אונטער דער צייט קלאר געווארען. די פראקציעס האבען זיך אבגעזונדערט, יעדע שטעהט פאר אונז אפען אונ עהרליך מיט איהרע ציוניסטישע בעגריפען אונ פארדערונגען.

מיר קענען איצטער אלזא יעדע קאנגרעס־פראגע רוהיג בעהאנדלען, פארשידענע מיינונגען אויסהערען אונ נאכ'ן רוב דעות בעשליסען.

דער רוב דעות פונ'ם קאנגרעס וועט ווייזען אויף רוב דעות אין דער ציוניסטישער פארטיי בכלל. דער לעצטער אבער איז דער אויבערשטער שופט אויף אלע ציוניסטישע ענינים אונ קיינער וואגט ניט זיך איהם אקעגען צו שטעלען.

נאר ווען וועט דאס אמת זיין, אז די דעלעגאטען וועלען פון די ציוניסטען מיט קלארע דעות אויסגעקליבען ווערען, ווען יעדער דעלעגאט וועט פאר זיינע וועהלער ניט טאנצען אויפ'ן שטריק, ניט רעדען אהין אונ אהער, נאר וועט קלאר אונ דייטליך ארויסזאגען זיין ציוניסטישען אני־מאמין אונ אויף גרונד פון דעם אני־מאמין אויסגעקליבען ווערען.

אז די דעלעגאטען וועלען קלאר אונ דייטליך ארויסזאגען זייער אני־מאמין, וועלען מיר חאטש האבען א קאנגרעס פון לויטער ציוניסטען.

ציוניסטען פון דער אדער פון יענער ריכטונג — דאס איז נאך ניט דער אומגליק פון א קאנגרעס. ביי אונז האט זיך שוין אבער געטראפען, אז צום קאנגרעס זענען גאר אנטי־ציוניסטען געקומען אונ גראד זיי, די אנטי־ציוניסטען, האבען דעם גאנצען קאנגרעס טעראריזירט.

פון וואנען נעמט זיך דאס? ווייל מיר זענען צו לייכטזיניג ביים פארטיילען די מאנדאטען, ווייל מיר געבען רשות ביים קאנגרעס צו רעדען אין אונזער נאמען יעדען, ווער נאר סע מעלדעט זיך!

מעהר טאר אזוינס ניט פארקומען.

מיר מוזען פון אינזערע דעלעגאטען פאדערען, זיי זאלען איינמאל פאר אלעמאל בעשטימען, אז צום קאנגרעס קאנען נאר קומען אזוינע ציוניסטען, וואס אנערקענען די קאנגרעס־ארגאניזאציע אונ דעם קאנגרעס־ציוניזם.

דער קאנגרעס־ציוניזם איז דער וואס בעקענט פאר נייטיג צו גרינדען א יודישע מדינה אונ וואס וויל ש ו י ן צוטרעטען צו דער ארבייט. יעדער אנדערער ציוניזם האט אויפ'ן קאנגרעס קיין פלאץ ניט.

ווען עמיצער זאגט: דאס יודישע פאלק איז נאך ניט פעהיג צו בויען א מדינה. דאס יודישע פאלק דארף זיך ערשט פריהער בילדען, סע דארף פריהער איבערגעהן א שולע פון קולטור, יודישע אדער אלגעמיינע א. ד. ג. — דער קאן זיין א גוטער יוד, מיר קאנען איהם שעצען אלס א יודען, וואס נאך זיין שטה וויל ער דעם פאלק א טובה טון, אלס א יודען וואס ער מיינט עס גוט מיט אונזער פאלקס־זאכע — קיין ציוניסט איז ער דאך אבער ניט. ביים ציוניסטען־קאנגרעס האט ער ניט וואס צו טון!

אונזער קאנגרעס איז א ציוניסטישער אונ מוז אלס א צ י ו נ י ס ט י ש ע ר אויף תמיד בעוואהרט ווערען!

# פעליעטאן.

## מאשקעלי גנב.

א ראמאן

פון שלום־עליכם.

(פארטזעצונג).

קאפיטעל יד.

### יודען קויפען וויין אויף ארבע כוסות.

א גאנץ יאהר איז חיים חסיד'ס קעלער אפען פון די ארונים'ס וועגען, דערפאר אבער אז סע קומט ערב־פסח איז חיים חסיד מיט זיין הויזגעזינד אונ מיט'ן קעלער אונ מיט'ן גאנצען וויין משועבד צו די בני־ישראל פון מאזעפעווקע.

אויב איהר ווילט האבען א בעגריף ווי אזוי איז פארגעקומען יציאת מצרים אין משה רבינו'ס צייטען, זאלט איהר זיך מטריח זיין ארפאלאזען ערב־פסח צו חיים חסיד אין קעלער אריין, בשעת יודען קלויבען וויין אויף ארבע כוסות. א גאנץ קיילעכיג יאהר באגעהען זיך יודען ברוך השם אהן וויין, מאכען קדוש איבער חלה אונ טרינקען וואסער פונ'ם טייך שטינקיילא, אינ קומט פסח ווערד מען גרויסע מפונקים, געפעסטעטע, נעבאלעוועטע בני־מלכים אונ גרויסע איבערקלויבער אונ שארפע מבינים אויף וויין. וויין אליין איז בלאטע! א ווימאראזיק וויל מען! אונ א גוטען ווימאראזיק, א קאוועשאנער! גאר חאפט נישט, ווימאראזיק אליין איז בלאטע! מע בעדארף צו איהם צו זעצען א מין „זמירער“, אונ זמירער אליין איז אויך בלאטע! מע בעדארף צוזעצען צום „ווימאראזיק“ מיט'ן „זמירער“ נאך א מין וויין, אזא מין וואס זאל געבען א ציפ ביים שפיץ צונג אונ זאל פון דעסטוועגען ניט בראטען ביים הארצען, אונ זאל זיין שטארק אונ זאל זיך פון דעסטוועגען לאזען טרינקען...

— איהר ווייסט שוין, רב חיים, איהר ווייסט שוין וואס איך וויל, איהר דארפט דאס געדענקען נאך פון פא־איאהרען!

אזאלכע טענות הערט חיים חסיד דעם טאג וואס פאר־פסח, אונ ניט פון איינעם; פון צעהן, פון צוואנציג, פון פופציג יודען מיט אמאל, מחמת אלע יודען לענען אז די ארבע־כוסות אויפ'ן לעצטען טאג, אויף דער לעצטער שעה, אויף דער לעצטער מינוט; אונ וויפיל חיים חסיד האט מיט זיי דערפאר צו טון אלע יאהר, העלפט דאס זיי ווי אין ארבעס צו דער וואנט.

— איהר זענט טאקי גערעכט, זאגען זיי אונ טוען זיך זייערס.

דאגעגען מוזען אונ דארפען אויף דעם קאנגרעס געפינען ערקלערונג די מיינונגספערשידענהייטען אינ'ם ציוניזם אליין. די פראגען פון קאלאניזאציע, געגענווארטס-פראגראם, ארגאניזאציע אונ טאקטיק, קענען אונ דארפען אויפ'ן קאנגרעס פריי אונ אפען, קלאר אונ דייטליך בעהאנדעלט ווערען. פארשידענע גרופען אונ פראקציאנען קענען אונ דארפען זייערע מיינונגען ארויסזאגען אונ פארטיידיגען ביז מע וועט קומען צו א ריכטיגען בעשלוס.

קיין מיינונג דארף ניט אונטערדריקט ווערען. קיין פראקציאן דארף ניט טעראריזירט ווערען, ווייל אלע אין איינעם זענען דאך ציוניסטען, אלע זענען גלייכבערעכטיגט ביי א ציוניסטישען קאנגרעס.

אנדערע פיהרען אין די ציוניסטישע אגודות איין אייביגע מלחמה וועגען טעארעטישע פראגען אונ אז סע קומט פאר'ן קאנגרעס רופען זיי צו אחדות אונ שלום, זיי פאדערען פונ'ם קאנגרעס ארבייט.

אזוי זענען זיך אויך נוהג מאנכע צייטונגען. א גאנץ יאהר העלפען זיי אויפצובלאזען דאס פארטיי-פייער, צעהיצען די בעלי מחלוקת, אונ אז סע קומט פאר'ן קאנגרעס שרייען זיי: לאמיר ווערען שטיל, לאמיר אוועקלעגען אונזער מחלוקת, ווייל מיר דארפען ארבייטען.

אונ נאכדעם קומט דער קאנגרעס, וועלכער קאן לויט זיין נאטור, נאר געבען מיינונגען, ניט קיין פראקטישע ארבייט, אונ דאן בלייבען ווייטער אלע אומצופרידען. דער קאנגרעס הייסט עס האט גאר ניט געטאן, ניט מעהר ווי שענע רעדען, קיין פראקטישען ווערט.

ווער איז אבער שולדיג, רבותים, אז איהר פארבייט אליין די יוצרות? דער קאנגרעס איז עבען פאר די טעארעטישע אויפקלערונג; די אגודה — פאר פראקטישער ארבייט.

אונ ווען איהר זאלט די זאך פארשטעהן ריכטיג, וואלט איהר א גאנץ יאהר געשריגען אהן אויפהער: אוועק די פרינציפען-רייטעריי! אוועק מיט די טויזענטער טעאריען אונ פראגראמען! טוט וואס מע הייסט אייך!

אונ אז איהר וועט קומען צום קאנגרעס — דעמאלט זענט איהר פארלאמענטאריער, דעמאלט זענט איהר געזעצגעבער, דעמאלט איז צייט אונ ארט פרינציפען פעסטצושטעלען, טעאריען אויפצוקלערען, פראגראמען צו שאפען!

אזוי טוען מיר, די פאליטישע ציוניסטען. א גאנץ יאהר ווילען מיר, אז מע זאל אכט האבען פאר דער ציוניסטישער ארגאניזאציע, פאר איהרע פיהרער. מיר ווילען, אז יעדער זאל אבצאהלען זיין חוב דער פאלקס-ארבייט; ביים קאנגרעס אבער ווילען מיר זיך אויסטענה'ן, אונזערע פרינציפען פעסטשטעלען.

אונ אזוי רופען מיר איצט, פאר'ן זעכסטען קאנגרעס, צו אלע ציונס-פריינד! וועהלט דעלעגאטען, וואס ווילען א גאנץ יאהר ארבייטען, וואס קאנען אויפ'ן קאנגרעס זייערע פרינציפען ערקלערען אונ בעשיצען!

משה קליינמאן.

---

# זאנגווילס רעדע

## אויף דעם ציוניסטען־טאג אין לאנדאן.

(ענדע).

איך בין אבער מיט דעם פארשלאג נאך נישט פארטיג; דען דער צווייטער נוסח האט נאך מעהר פארענדערונגען. איהר ווייסט, אז דער הויפט-קאפיטאל פון „יק"א" בעשטעהט פון צוויי מיליאנען פונט שטערלינג אונ נאך 7 מיליאנען האט זי ערשט שפעטער צו בעקומען אלס שטעלפערטרעטער פון באראן הירש. אין ה' לוסאדאס ערשטען פארשלאג ווערען דערמאנט ביידע סומען אונביידע דאקומענטען. אין דעם צווייטען נוסח זענען די 7 מיליאנען אונ דער פאלמאכט נישט מעהר דערמאנט אונ ה' לוסאדא דערקלערט די חברה „אגודת אחים",

---

דעם דאזיגען טאג ארבייטען אין קעלער שוין ניט די חימאווא אונ ניט די טעכטער, נאר חיים חסיד אליין מיט די איידעמס. איינער גיסט ווין, איינער וואשט פלעשלעך, איינער קייעט פראבקעס, איינער ציילט געלד, אונ ס'איז א מהומה, א טומעל, א געשריי, א געפילדער: דעם האט מען פארביטען די כלים, דער האט ניט בצאהלט קיין געלד, ביי דעם האט זיך צעבראכען א גאנצע סאליע, געבליבען שטעהן מיט'ן פארפראבקעוועטען העלזל אין האנט אונ פרעגט, וואס זאל ער טון אצינד? אונ דער שרייט: „ניט מיר צוויי אקעס ווין פונ'ם פאר איהריגען ווין אונ איין אקע ווין פונ'ם פאר צוויי יאהריגען ווין, נאר אביסעלע שטארקער!... חיים חסיד אונ זיינע איידעמ'ס זענען שטארקער פון אייזען, אז זיי טראגען דאס איבער. ס'איז גענוג אז אלי־נח מאלט אייך מיט'ן זיידענעם קאשקעט אין דערוואכען בעדארף זיין איין טאג אין יאהר א משרת ביי די מאזעפעווקער יודען, נישט האבען קיין צייט אפילו אויסשנייצען די נאז מיט איין פינגער, ווי זיין שטייגער איז, נאר וואס זאל מען טון? דערויף איז דאס אזא טאג, וואס מע דארף לאזען פריי די ווייבער, ניי זאלען איינשלעפען דעם הייליגען פסח אין שטוב אריין, זיך איבערטון אונ אויספוצען ווי געהריג איז אונ זיין „מלכה'ס" צום סדר, ווי גאט האט געבאטען... אונ די „חימאווא" מיט די טעכטער, אריינגעפיהרט דעם הייליגען פסח, האבען זיך איבער־געטאן, אויסגעפוצט אויפ'ן שענסטען אופן, געווען מלכה'ס, ווי גאט האט געבאטען, געשיינט אונ געבלישטשעט מיט זייד אונ מיט סאמעט, מיט פערעל אונ מיט דימאנטען, חאטש נעם מאל זיי אפ!

נאר איין צירעלי איז עפיס געווען ניט ווי אלע ערב־פסח נישט געוואלט זיך אנטון, אויספוצען ווי אמאל; געווען ווי פארזארגט, פארטראכט, דאס פנים בלאס אונ אונטער די אויגען בלויע אויסגעבערענטע רעדלעך, ווי ביי א מענשען, וואס האט א גאנצע נאכט ניט געשלאפען אונ געוויינט.

עפיס האט זיך מיט אונזער צירעלען געטראפען...

---

קאפיטעל טו.

### אין דער דאזיגער נאכט פון פסח.

זים אונ טייער איז אונז דער ליבער פעטער פסח איבער א סך זאכען, זים אונ טייער איז ער אונז דערפאר וואס ער דערמאנט אונז אז מיר זענען אמאל שוין לאנג-לאנג באפרייט געווארען פון גלות מצרים, זים אונ טייער איז ער אונז דערפאר, וואס ער פאלט אקוראט אין אזא צייט ווען די גאנצע וועלט ווערד באפרייט אונ באנייט, חאפט זיך אויף אונ לעבט אפ, אונ די ערד הייבט אן חאפען דעם אטעם, אונ די לופט הייבט זיך אן ריהרען, אונ דער הימעל הייבט אן רעדען ווערטער, דינערען אונ בליצען — אלעס לעבט אויף, ס'איז

אז מיט די 7 מיליאנען, וועלכע זענען בעשטימט פאר די רוסישע יודען, קאן זי טון וואס זי וויל אונ דער פארשלאג אומצווענדערען די פונקטען איז נאר שייך צו די צוויי מיליאנען. דא האט אבער ה׳ לוסאדא ווידער א טעות. אין די תקנות פון בארָאן הירש שטעהט געשריבען, אז די מיליאנען שענקט ער פאר די רוסישע יודען בכלל, אבער דער עיקר זאל מען עס פארווענדען פאר די רוסישע יודען צום אויסוואנדערען. מיר זעהען דערפון, אז בארָאן הירש כונה איז געווען נאר אז יודען זאלען אויסוואנדערען, אבער נישט מען זאל זיי העלפען מיט דעם געלט צו בלייבען אויף זייערע ערטער.

לויט די נייע פונקטען, וואס „יק״א“ וויל אין בארָאן הירש תקנות מאכען, וועט אויסקומען, אז א יוד וואס האט געענדיגט בארָאן הירש א שולע אין רוסלאנד אדער רומעניע וועט נישט קענען אויסוואנדערען פון איין ארט אין אנדערען אין אייראפא, ווייל לויט די תקנות מוזען זיי וואנדערען אין ווייטע וועלט־טיילען, ווי אמעריקא אונ אזיע, אבער נישט אין אייראפא.

איך האב געפאדערט, מען זאל האלטען בארָאן הירש תקנות, ווי עס איז געשריבען, מען זאל אין איהר קיין שום פארענדערונגען קיין שום שנוי נישט מאכען אונ אזוי ווי די קאלאניזאציע אין ארגענטינא איז נישט געראטען זאל מען דאס געלד אוועקגעבען צום ציוניזם, צו קאלאנאזירען ארץ ישראל, צו וועלכע דאס יודישע הארץ ציהט אונ בענקט. בארָאן הירש, וועט איהר זאגען, האט נישט געוואלט קאלאניזירען ארץ ישראל, דאס איז אבער נישט מעהר ווי געזאגט, אין זיינע תקנות שטעהט נאר אין אייראפא זאל מען נישט אויסוואנדערען, אונ ארץ ישראל, ווי עס איז אלעמען בעקאנט, ליגט נישט אין אייראפא נאר אין אזיע.

מיין געגנער ה׳ וואלף זאגט, אז איידער מיר ציוניסטען, האבען אנגעהויבען צו שמועסען וועגען געלט האט ער זיך אויף אונז שטארק געוואונדערט. אבער אזא צייט איז נאר קיינמאל אין ציוניזם נישט געווען. באלד אין דער התחלה פון די קאנגרעסען האט מען שוין גערעדט וועגען א קאלאניאל־באנק. מען ווארפט אונז אויך פאר, אז מיר זענען גרויסע אידעאליסטען אונ אז אונזער הויפט־צוועק איז צו זידלען די יודישע גבירים, ווייל זיי געבען אונז נישט זייערע מיליאנען —„ווילען מיר ווידער געלט, טא וואס פאר אידעאליסטען זענען מיר?“

— אזוי טענה׳ען אונזערע געגנערס. אבער דאס איז זעהר א נארישע טענה. מיר זידלען די יודישע מיליאנערען, ווייל מיר ווילען זייערע מיליאנען דאס איז אמת, ווייל מיט זייערע מיליאנען וועלען מיר אונזער אידעאל אויספיהרען. מיר דארפען נישט זייער געלט בכדי דערמיט זיך אנצוטון תענוגים, צו געהן אין טעאטערס אונ אויף בעלער, צו טרינקען פארטער אונ שאמפאניער, נאר צו פארלייכטערען א ביסל דאס אומגליק פון אונזערע ארימע ברידער, אבצווישען זייערע טרערען אונ אראב צו נעמען די שווערע שטיינער פון זייער הארץ.

די פארשטעהער פון דער „יק״א“ זאגען, אז זיי מיינען נאר טובת הכלל, זיי ווילען נאר העלפען זייער עלענד פאלק אונ אז איך וועל זיי אויסווייזען, אז בארָאן הירש האט אויך געשטרעבט צו וואס די ציוניסטען שטרעבען וועלען זיי גערן געבען דאס געלט אויף דעם ציוניזם, דאס וויל איך איצט פריווען צו טון.

אין יאהר 1891 האט די גאנצע וועלט געקלונגען, אז פאר יודען איז אויפגעשטאנען א נייער משה רבינו, וואס וויל זיין פאלק בעפרייען פון שווערען גלות. דער נייער משה רבינו איז נישט קיין אנדערער ווי משה בארָאן דע הירש. די וועלט האט א ביסעלע מגזם געווען אין די גרויסקייט פון בארָאן הירש, מען קאן איהם מיט משה רבינו נישט פארגלייכען; אבער אז בארָאן הירש איז דער גרעסטער יודישער פילאנטראפ אין זיין צייט, דאס איז קיין שום ספק נישט. מיר ברענגען דא א פאר שורות פון איין ארטיקעל, וואס ער האט אין איין אמעריקאניש בלאט געשריבען, פון וועלכע מיר וועלען זעהן, וואס בארָאן הירש איז געוועזען אונ וואס האט ער געוואלט טון פאר זיין פאלק: עס איז ביי מיר געוויס, שרייבט בארָאן הירש אין זיין ארטיקעל, אז דאס געלט, וואס איך האב, איז נאר א פקדון אויף א קורצע צייט,

---

חי געלעבט!... זים אונ טייער איז ער אונז אויך דערפאר, וואס יודען, ארעמע נעביך אונ דערשלאגענע, הארעווען זיך אָן, טויטשען זיך אָן; קוים קוים מיט גרויסע צרות, אנגסטען אונ יסורים אריינגעשלעפט דעם הייליגען יום־טוב, אונ שא! מע וועט רוהען, מע וועט רוהען אכט טאג כסדר. אונ דערמאהן איך דעם נאמען פונ׳ם ליבען, זיסען פעטער פסח, שטעהט אויף פון קבר מיין גליקליך קינדהייט, מיין זיסע יונגעלשע וועלט, אונ גיט מיר אפ א גרוס פון יענע טייערע יאהרען, וואס וועלען שוין קיין מאל, קיין מאל נישט אומקעהרען זיך צוריק; זיי געגרוסט, ליבער זיסער פעטער פסח! זיי געגרוסט פון יודישע קינדער, פון יודען ארעמע נעביך, אונ דערשלאגענע, וואס ווייסען ניט קיין רוה, וואס זעהען נישט קיין וועלט, רוהען זיך אוים זייערע אויסגעמוטשעטע ביינער אכט טאג כסדר אינ׳ם דאזיגען הייליגען יום־טוב!

נאר אויב פסח איז א יום־טוב, איז די ערשטע נאכט פון פסח א יום־טוב שביום־טוב, צווישען ימים טובים א יום־טוב! שטיל איז דעמאלט אין מאזעפעווקע, אין דער דאזיגער נאכט פון פסח, שטיל אונ יום־טוב׳דיג. אפגערעכט דעם סדר, אפגעגעסען די שענע פאלירטשיקעס, פארטרונקען מיט׳ן גוטען וויין, אנגעזאגט זיך ווי א פויק מיט די חד־גדיא׳ס, האט חיים חסיד געפיהלט ביים טיש נאך, אז ער הייבט שוין אן צו דרימלען אונ קוים אפגעהאפט דעם שיר השירים, גאט ווייסט ווי איינגאנצען, מחמת גאנצע שטיקער זענען איהם עפים ווי אוועקגעשוואומען פאר די אויגען, ווי סע שווימט אוועק א שטיק וועג בשעת מע האלט אין פאהרען אונ מע פארטראכט זיך, האט ער זיך שטילער־הייד אוועקגערוקט, אויסגעטאן אונ—וואו קריאת־שמע? ווער קריאת־שמע?— אריינגעפאלען אין בעט אריין אונ שוין געשלאפען.

אייך די איידעמ׳ס אלע, וואס האבען תחילת שטארק געבריהט זיך, געוואלט ווייזען איינס פאר׳ן אנדערען, אז מע קאן טרינקען וויין, האט מען זיך פאוואליגקע אזוי אנגעשכור׳ט, אז מע איז אויפגעשטאנען פונ׳ם טיש האט מען זיך קוים געהאלטען אויף די פיס. אלי־נח דער איז נאר געווען שכור ווי לוט, חאטש נעם בינד איהם אונ ווארף איהם ארויס. אמת, אז ער איז אויפגעשטאנען, האט ער זיך געמאכט כלומר׳שט ווי ער זינגט עפים פון דער הגדה, אויסגעצויגען עפים א מין „ויהי בחצי הלילה“, נאר ס׳איז אויסגעקומען אזוי לעפיש אונ דאס פנים ביי איהם אזוי נאריש, אז דאס ווייבל זיינס האט איהם געמוזט אנגעמען פאר א פינגער פון דער האנט אונ פיהרען איהם ווי מע פיהרט א קעלבל מחילה צו דער בהמה.

— קום שוין קום שלאפען... אנגעזליאקעט זיך אונ זינגט נאך...

אונ אט אזוי האט מען זיך ביי חיים חסיד אין שטוב אין דער דאזיגער נאכט פון פסח נאכ׳ן סדר איינציגווייז צעקראכען אין די אלקירם אונ עס האט זיך גיך געלאזט הערען פון דארט א חראפען מיט א

דאס געלט געהער נישט מיר, מען האט עס מיר נאר געגעבען צו צעטיילען... איך האלט אבער נישט פון דעם אלטען סיסטעם, פון צדקה געבען, דורך וועלכע עס ווערען נאר פארמעהרט בעטלער... איך האלט פאר מיין העכסטע אויפגאבע צו העלפען די ארימע ברידער מיינע, וועלכע ליידען שוין טויזענטער יאהרען אזוי שווער און ביטער צו ווערען מענשען גלייך מיט אלע פעלקער". אלזא דאס איינענע וואס דער ציוניזם וויל.

צו דעם צוועק האט בארון הירש געפונען וועט גוט זיין ארגענ־טינא, דארטען האט ער גערעכענט צו בעזעצען אין א משך פון 10 יאהר אדער מעהר א האלב מיליאן יידען, וועלכע וועלען לעבען רוהיג און זיכער פון זייער לאנד־ארבייט. בארון הירש האט זיך אבער שטארק טועה געוועזען, ער איז זעהר א גוטער מענש געוועזען, אבער נישט קיין גוטער פאליטיקער. ער האט נישט פארשטאנען, אז עס איז נישט מעגליך צו מאכען פון מענשען, וואס זענען שוין העכער 2 טויזענט יאהר אבגעריסען פון לאנדווירטשאפט, איבער נאכט פאר גוי'שע קאלאניסטען, און וואו נאך, אין אלאנד פון וועלכעם זייערע אבות אבותיהם האבען נישט געהערט. צו לאנד־ארבייט מוז מען האבען געדולד, מען מוז דאס לאנד ליב האבען און קענען איהרע קאפריזען אויסשטעהן. דערצו וואלט נאר ארץ ישראל געטויגט. אבער דער בארון הירש האט עס דענסטמאל נישט פארשטאנען און נאך אנדערע סבות האבען פון איהם דעם אמת פארבארגען, און דעריבער האט בארון הירש אנשטאט לייכטער צו מאכען דאס יודישע עלענד און נויט, נאך שווערער געמאכט.

דער בארון הירש האט באלד איינגעזעהן, אז זיין פאנטאזיע די יודען גליקליך צו מאכען וועט אייביג בלייבען א פאנטאזיע און וועט קיינמאל נישט אויסגעפיהרט ווערען. „דער הויפט־אומגליק — האט ער זיך פאר איינעם בעקלאגט — איז וואס איך האב קיין איינציגען ווער עס זאל מיר אין מיינע פלענער העלפען, פון די ארימע איז דאך נישטא וואס צו רעדען, זיי זענען גרייט געווען צו געהן וואו מען וועט זיי נאר פיהרען, אבער העלפען מיר אויספיהרען מיין פלאן האבען זי נישט געקאנט. די מיטלערע קלאסע זענען צופרידען מיט זייער שיקזאל און ווילען זיך נישט ריהרען פון ארט, און די רייכע, אה די רייכע יודען זענען באלד ווי זיי זענען רייך געווארען אויפגעהערט צו זיין יודען", נאר דער איינענער געשריי, וואס די ציוניסטען שרייען אויף די רייכע יודען.

וועמען האבען בארון הירש מיליאנען געבראכט נוצען? אונז יודען כודאי נישט. נוצען דערפון האט נאר דער ענגלישער אוצר המלכות, דען עס האט בעקומען 125 מיליאנען אבצאהלונג פון דער דאזיגער רייכער ירושה. אין אמעריקא איז איצט געווארען א נייער געזעץ, אז יעדער עמיגראנט מוז אריינברענגען 30 דאלאר אין די קאסע פון דער רעגירונג אלס גאראנטיע. ווען אין ענגלאנד וואלט אזא געזעץ געווארען, וואלטען 200,000 יודען געקאנט איינוואנדערען; בארון הירש האט שוין פאר יעדען פון זיי איינגעצאהלט צו 30 דאלאר.

מיין געגנער ה' וואלף, וועלכער האט אינטערוויוירט און אויסגע־פרעגט דעם נייעם משה רבינו, דעם בארון הירש, האט אויך אינטערוויוירט דעם נייעם יהושע, דעם פאלקאווניק גאלדסמיד, וועל־כער איז נישט לאנג צוריקגעקומען פון בוענאס איירעס, די הויפט־שטאדט פון ארגענטינא. ער האלט ארגענטינא פאר א נויטווענדיגע שולע פאר פאלעסטינא. „די יודישע פראגע, זאגט גאלדסמיד, קאן אנדערש ניט ענדיגען זיך ווי נאר דורך א זיכערע, פון די אייראפייאי־שע מעכטע גאראנטירטע היים אין ארץ ישראל, און ווי ה' בענטוויטש איז מודיע האט דער בארון הירש אונטערגעשריבען א פראיעקט וועגען פאלעסטינא און דעם דאזיגען פראיעקט האט מען פארגעלעגט דעם סולטאן. מיר זעהען דערפון, אז בארון הירש וואלט מיט דעם ציוניזם זעהר גוט זיך פאראייניגט. ער האט זיך בעקלאגט, אז קיינער וויל מיט איהם נישט מיטארבייטען און ביי אונז, ציוניסטען, וואלט ער געפונען טויזענטער מיטארבייטער.

מען זאגט אונז, אז דער ציוניזם איז זיך סותר צו די ריין יודישע

---

פייפען פון א סך העלזער און פון א סך נעזער אויף פארשידענע קולות. און נאר איין צירעלי איז נ'ט געשלאפען.

אין דער דאזיגער נאכט פון פסח האט צירעלי זיך אפגעזעגענט מיט איהר פאטערס הויז, זיך אויפגעהויבען פון איהר געלעגער, אין איין קליידל מיט א שאלעכל אויפ'ן קאפ און מיט אפאר שיכלעך אויף די פיס, און האט זיך ארויסגעכאפט אין דרויסען ארויס; דארט האט שוין געווארט אויף איהר איינער, א הויכער, א שענער יונג.

דאס איז געווען מאקסים טשובינסקי.

די נאכט איז געווען א ווארעמע, נאר א פינסטערע נאכט, די שטערען האבען זיך באהאקטען אין טונקעלע וואלקענס, ניט געוואלט קוקען ווי א יודישע טאכטער פארלאזט דעם טאטענס הויז אין אזא הייליגער נאכט, עס האט געמראקעט א קליין רעגענדל, ווארעמע טרע־רען האבען געקאפעט עונ'ס הימעל, געוויינט אויפ'ן בראך פון חיים חסיד מיט זיין הויזגעזינד, וואס האבען נאך נישט געוואוסט פון גאר ניט, וואס זענען געשלאפען מיט'ן זיסען שלאף פון גליקליכע ערליכע פרומע יודען אינ'ם דאזיגען הייליגען יום טוב, דעם יום טוב פון אלע ימים טובים.

אין דער דאזיגער נאכט ווען עמיצער חאפט זיך אויף אויף איין מינוט און טהוט א קוק אויף צירעלין, קעהרט זי זיך אום צוריק, נאר קיינער האט זיך ניט אויפגעחאפט, אלע זענען געשלאפען מיט'ן זיסען יום טוב'דיגען שלאף — און צירעלי האט געציטערט ווי א לעמעלי, און מאקסים טשובינסקי האט זי ארומגענומען, איהר געזאגט זיסע גילדענע ווערטער, איהר דערציילט ווי אזוי ער האט זי ליב, ווי גליקליך ער איז, וואס זי האט איהם נעפאלגט, ווי גליקליך זיי וועלען זיין ביידע אין ניכען... צירעלי האט זיך צעוויינט פאר גרויס גליק און פאר שרעק און פאר דעם וואס זי טהוט, און האט זיך פארטרויעט איננאנצען אויף איהם, און האט זיך אפגעגעבען אינגאנצען צו איהם אין די הענט אריין — און ער האט זי געבראכט צו פיהרען אין מאנאסטיר אריין.

---

## קאפיטעל טז.

## מאנאסטירסקי גלעקער קלינגען.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . און אז זי איז געקומען אין מאנאסטיר אריין, האט זי געוואלט, אז דאס וואס סע דארף געשעהן, זאל דאס געשעהן וואס גיכער, זי האט מורא געהאט פאר זיך אליין, זי זאל חלילה קיין חרטה ניט האבען. זי האט זיך אנגענומען מיט הארץ און געגעבען זיך דאס ווארט, אז זי זאל זיין שטארק אזוי ווי שטאל, זיך ניט לאזען איבערדערען.

עקרים, אז ער שטימט נישט מיט די מיינונג פון אונזערע נביאים. דאס איז אבער נישט ריכטיג. אונזערע נביאים זענען געוועזען די ערשטע און די בעסטע נאציאנאליסטען. אמת זיי האבען נביאות געזאגט אויף ברידערשאפט און ליבע צווישען איין פאלק און דעם אנדערען; אבער צו ליבען ברידערליך איז נישט גענוג צו האלטען יענעם פאר א ברודער, יענער מוז מיך אויך האלטען פאר א ברודער. אונזער תכלית אויף דער וועלט איז צו פארברייטען שלום און אחדות צווישען אלע מענשען. אבער דעם פראיעקט אראב צו ווארפען פון זיך די געוועהר וועט מען אונז נישט פאלגען; ווי לאנג מיר וועלען נישט האבען קיין אייגען לאנד. אז מיר ווילען געבען די וועלט א מוסטער ווי צו פיהרען א מדינה מוזען מיר דאך פריהער האבען א מדינה, פון וועלכע די וועלט זאל זיך קענען אראב נעמען א מוסר, אבער נישט ווען מיר זאלען לעבען אין אזוינע מדינות, וואו מיר זענען נישט זיכער מיט אונזער לעבען!

אין דעם לאנגען שווערען גלות האט דער יוד פארגעסען זיין שבועה, וואס ער האט זיין מוטער ציון צו געשווארען: „אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני". דאס הייסט: מיין רעכטע האנט זאל מיר געלעמט ווערען אויב איך וועל פארגעסען אן דיר ירושלים. די אלטע מאמע ציון, וועלכע האט אייערע קרעכצען, אייערע קלאג־לידער אויף איהר חורבן געהערט די גאנצע צוויי טויזענט יאהר ווערד שיער נישט משוגע הערענדיג ווי אייערע יונגע קינדער, רופען די שטיף־מאמעס, וועלכע ווילען וואס גיכער פון זיי פטור ווערען, מאמע, הארציגע געטרייע מאמע. זינגען איהר די „מארסיילעזע" און די „וואכט אם רהיין" נאר די קליין ביסל ציוניסטען זינגען איהר זי „התקוה".

מען האלט אונז פאר איין עם חכם ונבון, דאס איז אויך אבער נישט מעהר ווי א בלבול. מיר זענען חכ.ים אלץ איינציגע פרטים, אבער נישט אלץ כלל, אלץ א גאנץ פאלק. מיר זענען קלוג נאר אויף צו זארגען אויף דערווייל; דער יוד, וואס זוכט אלץ דעם תכלית, זארגט קיינמאל נישט פאר איין אמת'ן תכלית פאר זיין גאנץ פאלק און אויף אלע דורות. איהר זענט גרייט צו העלפען ווען דער אומגליק איז שוין געקומען, דענסטמאל איז אייער האנט אפען צו געבען אפשר נאך מעהר פון אייערע כחות, אבער פארהיטען מיט אייער געלד עס זאל צו קיין אומגליק נישט קומען, דערפון זענט איהר ווייט.

גאר מיינט נישט, אז מיט געלד וועט איהר שוין קאנען אבקויפען ארץ ישראל, מיט געלד קאנט איהר העכסטענס אבקויפען דעם פלאץ, וואו ארץ ישראל איז אמאל געוועזען; איהר מוזט עס מיט אייער שווייס און הארעוואניע ווידער מאכען פאר איין ארץ זבת חלב ודבש, און דאס איז גאר נישט אזוי שווער ווי איהר שטעלט אייך פאר מען דארף נאר איינפיהרען מאשינעס, מיט וועלכע דאס לאנד צו בעוועסערען, אנצוטרענקען. און אונזערע שווערסטע ארבייט וועט זיך ערשט דענסטמאל אנהויבען ווען מיר וועלען בעקומען פאלעסטינא. ווי ווייט דער טאג איז נאך, ווייס איך נישט. איך קאן אייך גאר זאגען, אז ד"ר הערצל איז נישט לאנג געוועזען אין לאנדאן, און ער האט מיר אייך געהייסען זאגען, אז ער איז צופריעדען מיט דעם וואס ער האט אויסגעווירקט אין לאנדאן און אז דער קומענדיגער קאנגרעס וועט זיין זעהר א וויכטיגער.

„לא עליך המלאכה לגמור", זאגט דער תנא אין פרקים „ואין אתה בן חורין להבטל ממנה", דאס הייסט: דו ביזט נישט מחויב די ארבייט צו ענדיגען, אבער דו טארסט אויך נישט שטעהן לעדיג און גאר נישט טון. קאנען מיר דערווייל אין ארץ ישראל נאך נישט טון לאמיר אנהייבען פון די דערביי־איגע לענדער, ווי ארם, וואס לויט ווי ספעציאליסטען זאגען קאן מען מיט 16 מיליאנען פונט שטערלינג איהר בעארבייטען. זי זאל קאנען בעזעצט ווערען. אפשר דארפען מיר פריהער, ווי אונזערע עלטערען, 40 יאהר בלאנדזשען אין דער מדבר ביז מיר וועלען אין אונזער לאנד אריינקומען, אפשר וועט ארם, ווי פולקאווניק גאלדסמיד זאגט, זיין די פאר־שולע פאר פאלעסטינא. און די יק"א מוז אונז דערצו איהרע מיליאנען געבען. דער בארא ן הירש האט געשטרעבט יודען צו בעפרייען פון זייער קנעכטשאפט

---

פון קיינעם. נישט צולאזען צו זיך קיינעם פון איהרע אייגענע. פארשטעלען די אויגען און ניט זעהען. פארשטעלען די אויהרען און ניט הערען.

און ס'איז טאקי אזוי געווען. אויף מארגען הערט זי אין דרויסען קאכט, עס טהוט זיך עפיס. עמיצער רייסט זיך, וויל גרויבען צו איהר, האט זי זיך פארשלאסען אין חדר'ל, ניט גערירט פונ'ם ארט. און זי הערט א קענטליך קול, זי וואלט געמעגט שווערען, אז דאס וויינט און יאמערט די מאמע איהרע, האט זי פארשטעלט די אויהרען, זי זאל ניט הארכען, חאטש עס האט זי געצוינען ווי מיט צוואנגען, געטריבען ווי מיט שטעקענס, און זי האט נעהאלטען ווארט, אויסגעפיהרט איהרס — אפגעטהאן איז פארפאלען.

צירעלי זיצט איינע אליין ביים פענסטער פון איהר חדר'ל און קוקט זיך צו און הערט זיך צו, וואס אין דרויסען טהוט זיך. די זון האלט ביי זעצען זיך, לאזט זיך אראפ אויף יענער זייט מאנאסטיר, באגלט די שפיץ קלויסטערס מיט גין גאלד, און דער אבענד קומט צו געהן מיט גרינגע שטילע טריט; פארגנבה'ט זיך, צעשפרייט די טונקעלע פליגעל זיינע ארום און ארום, לענט זיך מיט א מארנע סומנעקייט אויף דער נשמה און רופט ארויס א מין קלעמעניש, א מין בענקעניש אין הארצען.

מאנאסטירסקי גלעקער קלינגען — מאנאכען לויפען דאווענען, „באם! — באם!", באם! — באם! אזוי קלינגט די גרויסע גלאק און הודעט, און יעדער קלינג טהוט איהר א זעץ אין הארצען. גלין—גלין—גלאן! גלין — גלין — גלאן!: גלין — גלין — גלין — גלין -- גלין — גלין -- גלאן; אזוי ענטפערען די אלע איבעריגע גלעקער אויף פארשידענע קולות, און עס דאכט זיך איהר אויס, אז די גלעקער ניט זיי קלינגען, נאר זיי רעדען, דערציהלען איהר וואס אין דערהיים טהוט זיך: גלין — גלין — גלאן, דער טאטע וויינט! גלין — גלין — גלאן, די מאמע וויינט! גלין — גלין — גלין — גלין — גלאן, אלע קליינע קינדער וויינען!...

און צירעלי דערמאנט זיך אין דערהיים, שטעלט זיך פאר פאר די אויגען די גאנצע שטוב איטליכען מיט זיין פנים און מיט זיין מינע, און עס פארקלעמט זי ביים הארצען, און זי בעט גאט — אלץ איינס וואסער גאט — אז דאס וואס באדארף געשעהן זאל געשעהן וואס גיכער...

און עס קומען צו איהר אלע מאל אנדערע מענשען און גרייטען זי צו, זי זאל זיין פארטיג, און זי בעט גאט, אז דאס וואס בעדארף געשעהן זאל געשעהן וואס גיכער.

און מאקסים טשובינסקי קומט צו געהן מיט זיינע זיסע גילדענע ווערטער, דערציילט איהר איבער נאך אמאל און נאך אמאל ווי גליקליך ער איז, וואס זי האט איהם געפאלגט, ווי גליקליך זיי ביידע וועלען זיין אין גיכען, און זי פאלט איהם אויפ'ן הארצען, וויינט

און זיי צו בעזעצען אין א זיכערען ארט און דערצו שטרעבט אויך דעם ציוניזם; געבען דאס געלד פון באראן הירש אויף קאלאניסטישע צוועקען הייסט מקיים געווען זיינע תקנות און דעריבער מוזען די פארשטעהער פון "יק"א" זייערע מיליאנען דעם ציוניזם אוועקגעבען גאר ווען זיי וועלען עס אפילו נישט טון זענען מיר נישט פארלארען, מיר וועלען גאר א ביסל לאנגזאמער, אבער דערפאר זיכערער צו אונזער ציעל קומען, קומען צו ציון און ירושלים, און דענסטמאל וועט פון ציון ארויסגעהן די געזעצע פון ליבע און פון ירושלים — די גערעכטיגקייט.

---

# פאליטישע ענינים.

(טשעמבערלענס שיטה. וואס האט איהם געבראכט דערצו. וואס קאן דערפון ארויסקומען. פראנקרייך און איהרע קאלאניען. פראנקרייך קאן זיך אין אנדערע. פאליטיק נישט מישען).

אין ענגלאנד, ווי עס איז בעקאנט, האט די רעגירונג נישט איינגעפיהרט ביי איהר אין לאנד דעם מיליטעריזם, דאס הייסט זי האט נישט געהאלטען קיין גרויס חיל, ווי די אנדערע אייראפייאישע מלוכות. אויך דענסטמאל נישט ווען פראנקרייך און דייטשלאנד האבען זיך בעהאנגען מיט כלי זין. ווייל ענגלאנד האט נישט קיין מורא עס זאל אויסברעכען א מלחמה צווישען איהר און איין אנדערע רעגירונג אין אייראפא. ענגלאנד האט איהר גאנצע פאליטיק אנגעווענדעט גאר אין די ווייטע קאלאניעס אין אפריקא און אזיע, די אייראפייאישע פאליטיק אבער האט איהר זעהר ווייניג געארט און דעריבער האט זי קיין פיעל מיליטער נישט געברויכט און אז עס האט זיך אמאל געמאכט, אז זי האט געמוזט מלחמה האלטען מיט איינע פון די ווילדע שבטים אין איהרע קאלאניעס, האט זי געדונגען סאלדאטען און האט זיי געשיקט דארטען אויף מלחמה. האט זיך די מלחמה געענדיגט און ענגלאנד האט די מלחמה געוואונען, האט זי די געדונגענע סאלדאטען אהיים געשיקט, און בשעת די איבריגע אייראפייאישע מלוכות האבען געזארגט ווי צו פארשטארקען און פארגרעסערען זייער מיליטער, האט ענגלאנד געזארגט ווי צו פארגרעסערען און פארשטארקען איהר רייכטום, איהר האנדעל, געזוכט נייע קאלאניעס, וואו אנצוברענגען איהרע סחורות, וואס איהרע פאבריקען ליווערען. דאס איז אבער אלץ געווען ביז די מלחמה מיט די בורען. נאך די מלחמה אבער האט ענגלאנד זיך ארומגעזעהן, אז איהר שיטה נישט צו האלטען קיין פיעל מיליטער איז נישט קיין ריכטיגע, אז ווייל זי האט נישט גע־האלטען קיין שטענדיגען געלערנטען חיל האט איהר די מלחמה מיט די בורען, וואס האט געדארפט געדויערען צוויי חדשים, געדויערט צוויי יאהר און די מלחמה האט איהר געקאסט אזוי פיעל געלד כמעט וויפיעל עס קאסט גאנץ אייראפא דער מיליטעריזם זייט נאך דער פרייסיש־פראנצויזישער מלחמה. און דעריבער וויל דער קאלאניען־מיניסטער טשעמבערלען און דער מיניסטער־פרעזידענט באלפור אויך אין ענגלאנד איינפיהרען דעם אימפעריאליזם, דאס הייסט מאכען ענגלאנד פאר א רעגירונג וואס האלט א גרויס חיל, אבצוזונדערען איהר פון אלע אנדערע מלוכות און נישט אריינצולאזען קיין סחורות פון אנדערע לענדער אין איהר לאנד, ענגלאנד דארף איצט שטרעבען זיך צו פאראייניגען מיט אלע איהרע קלענערע און גרעסערע קאלאניעס, און ווערען א שטארקע און גרויסע רעגירונג, אלע איהרע קאלאניעס וועלכע זענען צעשפרייט אין אפריקא, אמעריקא און אויסטראליע זאלען זיך פיהרען לויט איין געזעץ און ארדנונג. דערצו זענען אבער נישט מסכים א סך אבגעארדענטע פון פארלאמענט. זיי זאגען, אז עס איז נישט מעגליך, אז איין געזעץ זאל קענען זיין גלייך גוט פאר אלע קאלאניעס. דאס געזעץ וואס איז גוט, למשל, פאר די ענגלישע קאלאניעס אין קאנאדא קאן נישט גוט זיין פאר די קאלאניעס אין אפריקא, וואו די איינוואהנער זענען נאך אין גאנצען ווילד און דעריבער איז גרויסע חלוקי דעות צווישען טשעמבערלען און אנדערע פארטייען און מען רעדט, אז צוליב דעם וועט זיך

פאר גרויס גליק און פאר שרעק און פאר דעם וואס זי טהוט, און בעט גאט, אז דאס וואס דארף געשעהן זאל געשעהן וואס גיכער...

---

קאפיטעל יז.

## א געפעהרליכער שפרונג.

צירעלי איז זיך מחיה וואס גאט האט איהר צוגעשיקט א פרישען מענשען, חאטש אזעלכען ווי מאשקעלי גנב, וואס זי קאן זיך מיט איהם אביסעל דורכרעדען, און זי דערציילט איהם אויס אלסדינג פון א' ביז ת', און ער הערט זי אוים מיט קאפ, לאזט זי רעדען, זי זאל דערציילען נאך און נאך, און זיי ביידע באמערקען גאר ניט ווי ווייט זיי זענען פארגאנגען אין גארטען, און אז זי האט זיך ארומגעקוקט, ווי ווייט זיי זענען פארגאנגען אין גארטען, האט זי זיך א חאפ געטהאן און געוואלט געהן צוריק, האט ער זי פלוצלינג אנגענומען ביי דער האנט ווי מיט איין אייזערנע אפצוועננע און האט איהר א זאג געטהאן:

שטעה, וועסט צוריק ניט געהן! איך האב אויסגעהערט אלסדינג וואס דו האסט מיר דערציילט; אצינד בעדארפסט דו אויסהערען וואס איך וועל דיר דערציילען.

טויט ווי די וואנט איז זי געבליבען שטעהן, געקוקט מיט שרעק מאשקען אין די אויגען אריין, נישט געקאנט ארויסנעמען איהר האנט פון זיינע אייזערנע קלעשטשעס, און מאשקע האט איהר דערציילט א מעשה נאר א קורצע מיט פראסטע ווערטער, איהר דערציילט ווי אזוי ער האט זי ליב אסך פריהער פון מאקסים טשובינסקי, ווי אזוי ער האט קיין מאל נישט געהאט דאס עזות ברענגען איהר היילינען נאמען אויף זיין מויל, צו טראכטען וועגען איהר אפילו אין חלום, ווארום ווער איז ער און ווער איז זי? ער איז "מאשקעלי גנב" און זי איז חיים חסיד'ס טאכטער — א ווערטעלי! און ווי אזוי ביי איהם איז איצטער פלוצלינג מיט אמאל פארטיג געווארען א פלאן, אזא פלאן וואס ער מוז איהם דורכפיהרען, ער זאל וויסען דער טויט זאל איהם זיין דא אויף דעם ארט! דער פלאן איז א פשוט'ער פלאן: ער נעמט זי אויף די הענט און שפרינגט מיט איהר אריבער אט דעם דאזיגען פלויט און זעצט זיך מיט איהר אנידער רייטענדיג אויפ'ן פערד, וואס שטעהט ביי איהם צוגעגרייט פון גאנץ פריה אן, און שפרינגט מיט איהר אוועק אינ'ם ערשטען שטעדטל און שטעלט מיט איהר א חופה, און ער שווערט איהר ביי גאט, ביי דעם גאט וואס אין הימעל, אז ער וועט אייביג זיין איהר קנעכט, ער וועט פאר איהר געהן אין פייער און אין וואסער, און זי וועט פאר איהם זיין אסך גליקליכער ווי פאר מאקסים טשובינסקי, ווארום ער, מאשקעלי גנב, האט זי ליב, ווי פערציג טויזענט מאקסים טשובינסקים קאנען אזוי ניט ליב האבען!...

און נישט לאזען זי לאנג טראכטען האט ער זי גענומען צו זיך

טשעמבערלען מוזען אבזאגען פון זיין שטעלע, אויף וועלכע ער האט האט זיך אזוי פעסט געהאלטען.

אויך פראנקרייך האלט די שיטה פון ענגלאנד בנוגע צו איהרע קאלאניעס. זי וויל אויך פארגרעסערען איהר הערשאפט, נישט אין אין איירָאפּא, וואו דייטשלאנד קוקט איהר נאך און לאזט איהר נישט א שריט טון, נאר אין איהרע קאלאניעס; זי האט נאך די מלחמה פון 1870—71 צוגענומען טונים און נאך אנדערע לענדער אין אזיע. אבער דאס וועט איהר נישט אזוי לייכט געראטען, די ווילדע שבטים אין אפריקא ווילען נישט אזוי גיך ארויפנעמען אויף זיך דעם פראנצויזישען יאך. ווי דער טעלעגראף מעלדעט האט מען אויף דעם פראנצויזישען גענעראל-גובערנאטאר זשאנאר, וועלכער איז געפאהרען בעזעהען די גרענעץ צווישען אלזשיר און מאראקא, שטארק געשאסען און עס איז אויסגעבראכען א געשלעג צווישען די סאלדאטען, וואס זענען מיטגעגאנגען מיט דעם גענעראל-גובערנאטאר און צווישען די מאראקאנער און די מאראקאנער האבען ביי דעם פארלארען 56 מאן און 20 זענען פארוואונדעט געווארען. אמת אז דאס וועט פראנקרייך נישט אבהאלטען איהר פאליטיק אין די קאלאניעס, דאס האלט איהר אבער אב, אז זי קאן זיך נישט אריינמישען אין די פאליטיק פון איירָאפּא וועגען טערקיי, זי מוז צוזעהען ווי דאס קליינע שוואכע איטאליע רייסט זיך צו אלבאניע און עסטרייך ווינקט איהר, זי זאל זיך נישט דערוועגען ווייטער צו געהן, ווי בולגאריע וויל צונעמען מאקעדאניע און טערקיי מיט רוסלאנד הייסען נישט, און זי, דאס אמאליגע גרויסע פראנקרייך, וואס האט אמאל, פאר נאפאליאן דעם דריטענס צייט, געהאט די גרעסטע דעה אין טערקיי, מוז שטעהן פון ווייטען און דאס אלס צו זעהען און זיך נישט אריינמישען, ווייל זי איז פארנומען אין לאנד מיט די גייסטליכע, וואס ווילען זיך נאך אלץ נישט אונטערגעבען און אין איהרע קאלאניעס, וואס ווילען זיך נישט אונטער איהר יאך אונטערווארפען.

---

אויף די הענט, ווי מע נעמט א קליין קינד און האט זיך ארויפגעדראפעט מיט איהר אויפ'ן פלויט פונ'ם מאנאסטיר און האט צו איהר בשעת מעשה אזוי געזאגט:

— הער! טאמער לאזט דו ארויס איין פּיפּס, דערווארג איך דיך מיט מיינע הענט און אליין ווארף איך מיך אראפ פונ'ם דאזיגען פלויט און צעברעך מיר דעם קאפ אויף שטיקלעך!...

דאס אלסדינג איז געווען אזוי פלוצלינג אומגערעכט, אז ניט נאר שרייען, צירעלי האט נישט געקאנט אפילו דעם אטהעם חאפען; זי איז געווען טויט ווי אלע טויטע; עס האט מיט איהר געווארפען ווי א קדחת, און בשעת ער האט זי ארויסגענומען מיט ביידע הענט און האט זיך געגרייט אראפשפרינגען פונ'ם הויכען פלויט אין די שטעכעלקים אריין האט זי איהם ארומגעחאפט מיט איהרע קליינע הענטלעך ביי זיין געזונטען האלז ווי א קליין קינד חאפט ארום א גרויסען בשעת יענער באדט זיך אין טייך און וויל זיך מיט דעם אונטערטוקען אין וואסער, עס האבען זיך ביי איהר צוגעמאכט די אויגען און זי איז כמעט געפאלען חלשות. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ענדע קומט.

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— ענדע יולי וועט לובע, דער פרעזידענט פון פראנקרייך, בעזוכען די שטאדט לאנדאן. מען רעכענט אז דער בעזוך האט זעהר א וויכטיגע פאליטישע בעדייטונג.

— דעם 27 מאי האט די שטאדט ניו־יארק געפייערט איהר 150 יעהריגען יובילעאום מיט גרויס פאראד. מען האט אויך געהאלטען רעדעס און עס זענען אנגעקומען גליק־ווינשע פון פארשידענע שטעדט און פארשידענע לענדער. אין דעם משך פון 150 יאהר איז ניו־יארק פון א קליין דערפל געווארען איינע פון די גרעסטע שטעדט אין דער וועלט.

— דעם 5 יולי וועט מען אין פראג (בעהמען) לעגען דעם ערשטען שטיין פון דעם מאנומענט, וועלכער וועט דארט געבויט ווערען צום אנדענקען פון יאהאן הוס. דער דאזיגער יאהאן הוס איז פארברענט געווארען אין קאנסטאנץ פון די פאנאטישע קאטאליקען פאר זיינע פרייע געדאנקען, וועלכע ער האט צווישען פאלק פארשפרייט.

— דעם 26 מאי האט מען געשטעלט א מצבה אויף דעם קבר פון דעם בעוואוסטען פראנצויזישען שריפטשטעלער עמיל זאלא.

— פון סאחאלין (סיביריע) שרייבט מען, אז דארט איז אויסגעבראכען א גרויסע שרפה אין דעם וואלד טיינא, א קליין דארף פון 60 הייזער איז אין גאנצען אבגעברענט און נאך א סך דערביי־איגע דערפער שטעהען אין געפאהר. איינלעשען דאס פייער איז אוממעגליך.

— פון פעטערסבורג איז ארויסגעפאהרען דער קארעספאנדענט פון דער ענגלישער צייטונג „טיימס" ה' דאבסאן, וואו ער האט פארבראכט 30 יאהר.

— אין אינדיע און איבערהויפט אין דער גרויסע שטאדט באמביי האט זיך ווידער געשטארקט די חאליערע. די רוסישע רעגירונג האט פארגענומען מיטלען די שרעקליכע קרענק זאל זיך ניט איבערשלעפען אין סיביר.

## II. יודישע נייעס.

רוסלאנד. אין דעם רוסישען געזעץ־בוך איז אבגעדרוקט א געזעץ, וועלכע פארוועהרט, אויף דערוויייל, צו בעשטעטיגען אלע קאנטראקטען, וועלכע ווערען געמאכט מיט יודען וועגען קויפען ערד און גיטער אין די ערטער, וואו יודען טארען נישט וואהנען. אויך זענען אבגעדרוקט געווארען פארענדערונגען אין די „ווערעמענע פראוויזאריטע (געזעצע אויף דערוויייל) וועלכע זענען בעשטימט געווארען אין יאהר 1882 וועגען דאס רעכט פאר יודען צו וואהנען אין די דערפער, וואס בעשטעהט אין דעם, אז 101 דערפער אין די גובערניעס בעסאראביע, ווילנא, וויטעבסק, וואלין, גראדנא, יעקאטערינאסלאוו, קיוב, קאוונא, מאהילעוו, פאדאל, טבריא, חערסאן און טשערניגאוו, וואו מען איז מתיר יודען צו וואהנען און צו קויפען לאנד אין די ערטער וואו זיי מעגען וואהנען.

אין „פראוויט. וועסט". איז פארעפענטליכט די נייע ערטער, וואו עס איז ערלויבט יודען צו וואהנען:

נובערניע בסארביע: אויעזד בענדער 1) ראמאנאווקא.

נוב. ווילנא: 2) נאוואעסטראיעניע־זאקרעט; 3) פאפלאווא; 4) מארקוטיע; 5) ראסא: 6) אנטאקאל; 7) ראוונאע פאליע; 8) קאסעווי ראטשא אויעזד ווילנא: 9) פאדבראדיע; 10) רובינקי; 11) ווארניאני; 12) אסטראוועץ; 13) לאווארישקי; 14) בויווידי; 15) ביסטריצא 16) סאלעצניק; 17) יאשוני; 18) טורגעלי;

אויעזד סוועניציאני; 19) נײַ סווענציאני; 20) פאן־בראריע; 21) קאמעלישקי;

אויעזד טראקי: 22) רודזישקי; 23) לאנדוואראווא; 24) פריוויעטקא; 25) מארצינקאנצי; 26) האשעדארי; 27) דומבי.

נוב. וויטעבסק אויעזד לוצין: 28) קארסאווקא; אויעזד דווינסק: 29) ראיפאל; אויעזד רעזיצא: 30) רעזיצא; אויעזד נעוועל 31) סאקאלניקי.

נוב. וואהלין: אויעזד ראוונא: 32) סארני; 33) קליין סעלישצע; אויעזד זאסלאב: 34) אלט הוטא; אויעזד אלט קאנסטאנטינאוו; 35) פרידריכאווקא; אויעזד נאווא־גראדוואלינסק: 36) יארון; 37) עמילצין; 38) סאקאלאוו; אויעזד קאוועל: 39) אין דארף ביי דער סטאנציע מאציאוו.

נוב. גראדנא: אויעזד גראדנא: 40) פארעטשע; אויעזד ביאליסטאק: 41) מיכאלאווא־נעזהודקא; 42) סטאראסעלצי; 43) סופראסל; אויעזד בריסק: 44) רודא־טשערנאני; 45 מאלאריטא; אויעזד פרוזאני: 46) בלידען; 47) ליגעוודא; אויעזד קאברין: 48) זאבינקא.

נוב. יעקאטערינאסלאוו: אויעזד יעקאטערינאסלאוו: 49) קאמענסקאיע; אויעזד נאוואמאסקאווסק 50) אביר; 51) ניזערנעפראווסק; אויעזד פאוולאגראד: 52) סינעלניקאווא; 53) סלאוויאנאסערבי; 54) לאזאווא; אויעזד סלאוויאנאסערבי: 55) לאזאווא־פאוולאווקא; אויעזד באכמוט: 56) דמיטריעווקא; 57) אלעקסאנדראפאלאנסק; 58) גרישינא; 59) יוזאווקא.

נוב׳ קיוב: אויעזד קאניעוו: 60) קליין סטעפאנצי; אויעזד סקווירא: 61) פאפעלנא.

נוב. קאוונא: אויעזד קאוונא: 62) שאנצי; אויעזד נאווא־אלעקסאנדראווסק: 63) דוקשטי; 64) רגדוטקא אדעו־פאראקישקי; אויעזד פאניעוועז: 65) מוראוואני פאנעמון; 66) סטאנציע פאניעוועז; 67) אלט פאניעוועז; אויעזד שאוועל: 68) מאזייקי.

נוב. מאהילוב: 69) סלאוועני.

נוב. פאדאליע: אויעזד לעטיטשוב: 70) דעראזשניא; אויעזד וויניצא: 71) זמערינקא; אויעזד אלהאפאלי: 72) קריזאפאל; אויעזד יאמפאל: 73) וואפניארקא.

נוב. פאלטאווא: אויעזד גאדיאטש: 74) וועפריק, 75) ראשעווקא; אויעזד קרעמענטשוג: 76) פאטאקי, טשערבאקי, קיאשקי, רודיאקי, דמיטראווקא, קאנאפליאנקא; לאבי, קעריעמבעטי, אביטני, פישטשאקאווקא, 77) קלעבעדא, קאסטראמא, קאראנטין, דעמוראווקא, סאדקי, קורטשאנאווקא, טשעטשעלעווקא, דאקאווקא, נאוואסטלאק, אויעזד קאבעליאק: 79) נייסענזשארי, יעלמוקאווקא, זאבראדקא, אסטראוו, זאוואראסקלא און נארישנע; 80) צאריטשאנקא, 81) בוטענקאווא; אויעזד קאנסטאנטינאגראד: 82) קליין פערעשצעפינא; אויעזד לאדוויץ: 83) סענטשא; 84) פעסקי טשערנוחי; 85) אויעזד פיריאטין: 86) יאנאטין; אויעזד ראמען: 87) זאסוליע.

נוב. טבריא: אויעזד פערעקאפ: 88) טאגאנאש, 89) דזשאנקא 90) אנטאנאווקא־פעטרובקא; 91) קאלאי.

נוב. חערסאן: אויעזד חערסאן: 92) קריוואי־ראג; אויעזד אנאניוב: 93) בירזולא; 94) האלטא.

נוב. טשערניגוב: אויעזד בארזען: 95) איטשני; אויעזד קאזעלעץ: 96) באבראוויצא; אויעזד נאוואזיבקאוו: 97) קארזשאווקא; אויעזד סאסניצא: 98) מענא; אויעזד קראלעוועץ: 99) אלטינאווקא; אויעזד מגלין: 100) פאקשעפ; אויעזד סוראז: 101) אונעטשא.

— דאס יודיש רוסישע בלאט „וואסחאד" האט בעקומען א צווייטע התראה פאר דעם ארטיקעל „בריף אויס אדעסא", וועלכער איז געדרוקט געווארען אין נומער 20.

— די אדעסער ראבינער ה׳ קרעפס און זיין געהילף ה׳ טשערנאוויץ האבען זיך פארגעשטעלט פאר דעם נייעם אדעסער גראדאנאטשאלניק ה׳ ארסעניעוו, וועלכער האט מיט זיי א לענגערע צייט געשמועסט און האט זיי געבעטען, אז זיי זאלען דעם יודישען עולם בעקאנט מאכען, אז די רעגירונג זארגט פאר זיי אזוי גוט ווי פאר אלע איהרע אונטערטאנען און זיי קענען זייערע געשעפטען ווייטער רוהיג און זיכער פיהרען און טאמער וועט זיך מאכען וועלכע עס איז אומרוהען געגען יודען, וועט די פאליציי באלד מיט די שטרענגסטע מיטלען שטילען.

— דער יודישער גאלדשמיד ישראל ראחומאווסקי אויס אדעסא, וועלכער האט זיך בעריהמט געמאכט מיט דער טיארא פון סאיטיפארעס, ווי אונזערע לעזער ווייסען שוין, האט בעקומען פון דער געזעלשאפט פראנצויזישער קינסטלער אויס פאריז א מעדאליע דריטער קלאסע.

— די צייט צום אויסקלויבען א ראבינער אין אדעסא איז בעשטימט געווארען נישט שפעטער פון דעם 25 מאי.

— די רעגירונג האט ערלויבט יודישע קראנקע זיך צו קורירען אין די מינעראל בעדער פון סלאוויאנסק, כאטש יודען האבען נישט קיין רעכט דארטען צו וואהנען.

**דייטשלאנד.** ווען דער דייטשער קייזער איז געווען אין רום האט ער בעשאנקען דעם קריגס־מיניסטער פון איטאליע אטאלאנגי און דעם גענעראל־סעקרעטאר פון מיניסטעריום דעם אייזערן סענאטאר מאלוואס מיט ארדענס. ביידע זענען יודען.

— אין מינכען (די הויפטשטאדט פון באיערן) איז געשטארבען צו 70 יאהר דער בעריהמטער יודישער מאלער שלמה הירשפעלד.

**בעלגיע.** פראפעסאר פיקאר אין בריסעל איז א בעוואוסטער אנטיסעמיט. נישט לאנג האט ער פארגעטראגען א לעקציע, אין וועלכע ער האט געווידעלט. יודען, כמעט אלע סטודענטען זענען ארויס פון אוניווערזיטעט און ער איז געבליבען נאר מיט 4 שילער.

## III. ציוניסטישע נייעס.

— דאס ענגליש יודיש בלאט „דזשואיש קראניקל" שרייבט, אז די אונטערהאנדלונג צווישען ד״ר הערצל און עגיפטען וועגען „וואר על אריש", וואו די יודען וועלען זיך קאנען בעזעצען אין א גרויסען צאהל האלט ביים ענדיגען.

— אין יפו ווערד שוין געמאכט די ארדנונג אויף צו עפענען איין אבטיילונג פון דער יודישער קאלאניאל־באנק.

---

# ידיעות וועגען קישינוב.

— אין פאריז האט זיך געבילדעט א קאמיטעט צו העלפען די קישינובער פאראומגליקטע יודען. די ערשטע נדבה, 500,000 פראנק האט געגעבען באראן ראטהשילד.

— אין בערלין האט מען אין דעם טהעאטער, וואו די יודישע שוישפילערין שרה בערנאר האט געשפיעלט, פארגעשטעלט א דראמע און די הכנסה פון דער פארשטעלונג האט מען אוועקגעגעבען פאר די קישינובער פאראומגליקטע יודען.

— אין ניו־יארק האבען די דארטיגע חינעזער אין זייער טהעאטער געשפיעלט א שוישפיעל לטובת די קישינובער פאראומגליקטע יודען. די פארשטעלונג האט געהאט אזא גרויסען בייפאל, אז מען האט עס געמוזט באלד איבערשפיעלען א צווייטען מאל. נאך אלע הוצאות איז געבליבען פאר קישינוב 2,500 רובל.

— א גרופע רוסישע שריפטשטעלער אין מאסקווא האבען פארעפענטליכט א בריף, אין וועלכען זיי שרייבען: זייענדיג טיעף צע־

רודערט פון די קישינובער שווערע פארברעכען, דריקען מיר אויס אונזער צער אונ רחמנות אויף די אונשולדיגע קרבנות, וועלכע זענען געפאלען דורך דעם ווילדען המון; אונ אונזער גרעסטע פעראכטונג צו די וועלכע האבען דעם המון געבראכט צו אזוינע ווילדע חיות'דיגע פארברעכען". אונטערגעשריבען זענען צווישען אנדערע גראף ל. טאלסטאי; פירסט טרובעצקאי אונ פירסט סומבאטאוו, אונ נאך פיעל אנדערע.

— ביי דעם פאגראם אין קישינוב איז שטארק צעשלאגען געווארען דער רוסישער שוישפיעלער א. מ. נאזאראוו. דער דאזיגער ארטיסט האט נישט געקאנט צוזעהען ווי מען שלאגט איין אלטען יודען אונ האט זיך פאר איהם אנגענומען. דער המון האט זיך אויף איהם א ווארף געטאן אונ וואלט איהם געוויס דערהרג'עט, ווען מען וואלט נישט אנגעהויבען שרייען, אז ער איז א פראוואסלאוונער. היינט קורירט זיך ה' נאזאראוו אין אויסלאנד.

— דער קיעווער פראפעסאר ס. י. בולגאקאוו האט געשריבען א בריף אין א רוסישע צייטונג, אין וועלכען ער דריקט אויס זיין בעדויערען אויף די פאראומגליקטע יודען אונ זיין פעראכטונג געגען די שלעכטע מענשען, וואס האבען דעם המון אויפגעהעצט אויף די יודען.

— די ברידער בראדסקי אויס קיוב האבען געשאנקען 5,000 רובל פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

— די דירעקציע פון דעם ליטערארישען פעראיין אין מאסקווא האט געשיקט צום הילפס-קאמיטעט אין קישינוב 500 רובל.

— ביז דעם 1 טען יוני האט מען אין דייטשלאנד צונויפגעקליבען פאר די יודען אין קישינוב 345,369 מארק.

— פון לאדז האט מען אריינגעשיקט צום הילפס-קאמיטעט אין קישינוב 20 טויזענד רובל אונ פיעל קליידער.

— דער בעוואוסטער יודישער קריטיקער געארג בראנדעס האט געלעזען אין פאריז א לעקציע וועג'ן ביבעל אונ די הכנסה דערפון האט ער מנדב געווען פאר די קישינובער פאראומגליקטע יודען.

— די חברה „כל ישראל חברים" אין וויען האט געשיקט צום קישינובער הילפס-קאמיטעט 25 טויזענט קראנען.

— אין יעקאטערינעסלאוו האט מען געעפענט איין אויסשטעלונג פון די בילדער, וואס דער יודישער נישט לאנג פארשטארבענער מאלער לעוויטאן האט געמאלען, 50 פראצענט פון דער הכנסה שענקט די אויסשטעלונג פאר די קישינובער יודען.

— דער בעוואוסטער אנטיסעמיט קרושעוואן, וועלכער האט א גרויס חלק אין דעם אומגליק פון די קישינובער יודען, האט אויפגעהערט ארויסצוגעבען זיינע צייטונגען „זנאמיא" אונ „בעסעראבעץ", איבער דעם ווייל זיינע בלעטער ווערען פארקויפט פאר זיינע חובות.

— פון ראסטאוו האט מען געשיקט צום קישינובער הילפס-קאמיטעט 6000 רובל, מען הערט נישט אויף צו ברענגען נאך נדבות.

— די פוילישע שריפטשטעלערין א. ארזשעשקא, וועלכע איז בעוואוסט דורך איהרע פיעל ביכער, וואו זי דריקט אויס איהר ליבע צו יודען, האט געשיקט א שענע נדבה פאר קישינובער יודען.

— ד"ר בערנשטיין-כהן איז ארויס פון קישינוב אונ האט זיך בעזעצט אין חארקאוו.

— די דרשה פון ד"ר גלעבהויז אין וויען וועגען דעם קישינובער אומגליק האט זיך אפגעדרוקט אין א בעזונדער חוברת אונ דער ריוח וועט געהן פאר די פאראומגליקטע יודען.

— דער רוסישער שריפטשטעלער מאקסים גארקי האט בעשלאסען, וואס גיכער ארויסצוגעבען דעם רוסישען סבארניק, אין וועלכען עס געפינען זיך איבערזעצונגען פון די יודישע שריפטשטעלער, דען ער וויל די גאנצע הכנסה פון דעם סבארניק אוועקגעבען פאר קישינובער יודען. דער סבארניק וועט געדרוקט ווערען אין 50 טויזענט עקזעמפלארען.

— אין דער צייט פון פאגראם איז ביי יודישע עלטערן פארפאלען געווארען זייערע דריי קינדער. די אומגליקליכע עלטערן האבען שוין גערעכענט, אז זייערע קינדער זענען דערהרג'עט געווארען. גאר ווי דערפרייט זענען זיי געווארען ווען אויף דעם פיערטען טאג זענען אלע דריי קינדער בשלום געקומען א היים געזונט. דאס עלטערע קינד (א מיידעלע) האט דערציילט דעם גרויסען נס וואס איז מיט זיי געשעהן.

אין דעם גרויסען רעש פון פאגראם האט זיי א פויער ארויסגעלענט ביי זיך אין וואגען, זיי בעדעקט מיט שטרוי אונ זיי אוועקגעפיהרט צו זיך א היים אונ דארף, דארט האט ער זיי געהאלטען דריי טעג, זיי געהאדעוועט אונ אבגעהיט. אויף דעם 4-טען טאג, ווען דער פאגראם האט אויפגעהערט, אין שטאדט איז געווארען רוהיגער, האט ער די קינדער געבראכט צוריק אין שטאדט אונ זיי אבגעלאזט.

# א גלגול פון א נאמען.

I.

ביידע געזונט, יונג, פרום, שען, רייך אונ איינגעטונקען, ממש דורכגעווייקט אונ דורכגעקנעטען אין יחוס.

מען האט ארויסגעזעהען בחוש, אז רבי פנחסל אונ זיין ווייבשרהלע זענען א זווג פון גאט אליין אונ נאך מששת ימי בראשית.

געלעבט האבען זיי זיך ווי די טייבעלעך: פארשטעהט זיך, אויפ'ן פרומסטען, אמת-חסיד'ישען אופן.

גאט אונ לייט האבען זיי מקנא געוועזען.

מיינט איהר אפשר, אז די קנאה האט זיך גענומען פון שנאה? חלילה!

אדרבה, דאס גאנצע שטעדטל האט זיי ליב געהאט ממש, ווי דאס לעבען. דעם גרעסטען, שענסטען כבוד האט מען זיי אבגעגעבען.

גאנץ פשוט:

די אלע זאכען האבען זיי זיך כשר פארדיענט מיט זייערע שענע מדות אונ גרויסע מעלות.

זייער שטוב איז געוועזען איין אמת'ער קוואל פון צדקה, גמילות חסדים אונ הכנסות אורחים.

וואס שמועסט איהר!

נו, דאכט זיך, גענוג?

וואס נאך קענען יודישע קינדער בעגערען פון זיין ליבען נאמען?

דאך מוז איך אייך זאגען, אז זעהר פיעל האט זיי נאך געפעהלט צום אמת'ען גליק.

איהר פאַרשטעהט?

זיי האָט נאָך געפעהלט דער געוויסער קשר, וואָס פאַרבינדט און פאַרקניפּט אויף אייביג דאָס יודישע לעבען.

שוין דריי יאָהר, זינד זיי האָבען חתונה געהאַט, און זייער זיווג האָט נאָך ניט געזעהען דעם עיקר סימן ברכה...

אַזאַ גליקליך לעבען און אָהן קינדער!

דאָס האָט זיי צוגעטיילט צרות מיט עגמת נפש פון דער וועלט.

און אונז, אַלע קבצנישקער איינוואוינער, געבען זיי.

ס'האָט געריסען דאָס האַרץ. ס'איז געוועזען אַ גאַנץ רחמנות.

נו, און דער רבי וואו איז?

קאָן דען זיין, אַז אַזאַ ציידענער יונגערמאַן, ווי רבי פּנחס'ל, זאָל ניט זיין קיין חסיד, און זאָל ניט האָבען זיין צדיק?

אַ ודאי איז רבי פּנחס'ל געוועזען אַ חסיד מובהק ביי דעם גרויסען צדיק רבי זיסעלע זאָל לעבען!

און נאָך ווי אַזוי!

ס'איז כמעט ניט אַוועקגעגאַנגען איין יום־טוב, אַז רבי פּנחס'ל מיט שרה'לען זאָלען ניט זיין ביים רבי'ן זאָל לעבען.

ביי יעדען שעת־הכושר פלעגען זיי געביך אין טרערען אויסגיסען זייערע שווערע און ביטערע הערצער.

רבי פּנחס'ל — פאַר'ן צדיק הדור, און שרה'לע — פאַר דער רבי'צען זאָל לעבען.

רוהען האָבען זיי ניט געלאָזט דאָס הייליגע פּאָרל, נאָר...

ס'האָט זיי געביך ניט געהאָלפען.

רבי פּנחס'ל מיט שרה'לען האָבען געבעטען, געוויינט, און רבי זיסעלע האָט זיך פאַרטראַכט...

איין וואָרט האָט ער ניט געענטפערט.

דער ערגסטער סימן...

רבי זיסעלע, בעדאַרפט איהר וויסען, איז געוועזען גרויס, הייליג און הויך איבער זיין זיס און ווייך האַרץ.

דאָס האַרץ האָט ער בעקומען בירושה פון זיין גרויסען זיידען.

נאָך דער בעל־שם־טוב (זכרונו לברכה!) האָט געערעדט פון אַ גרויס, יודיש האַרץ, וואָס איז זיסער פון האָניג און ווייכער פון וואַקס"...

דערגרייכט דאָס מין האַרץ האָט דער בערדיטשעווער רב (זכותו יגן עלינו!) רבי זיסעלעס זיידע.

צוויי דורות האָבען געאַרבעט איבער דעם גרויסען, יודישען האַרץ, ביז ס'איז געקומען צו דער הויכער מדרגה: „וויינען פאַר פרייד און פרייהען זיך פון געוויין"...

איהר פאַרשטעהט?

נו, קאָן דען געמאָלט זיין, אַז די בקשות, תחינות און טרערען פון רבי פּנחס'לען און שרה'לען זאָלען ניט האָבען געווירקט אויף דעם הויכען האַרץ?

וועד פון די אמת'ע חסידים ווייסט ניט, וויפיעל צער און וועהטיגען דער צדיק, דער אמת'ער צדיק הדור, טראָגט איבער פון צרות ישראל בכלל און פון זיינע חסידים בפרט?!

נאָר מן השמים האָבען שוין געשטעקט אין זיין שווייגען געגוג, געגוג טעמים און סודות!

(ענדע קומט)

ישעיהו לערנער.

---

# אַ נקמה

לויט די מיינונג פון עזריאל ווייסמאַן, אַ יודישער גביר אין אַ קליין שטעדטל, זענען זיינע אָרעמע קרובים געבוירען געוואָרען נאָר צו ליב איהם. צום מאָל זעהט ער אין זיי — זיך איין עונש, איין אָבקומעניש פאַר חטאים, פון וועלכע קיין שום בן־אדם איז ניט ריין; ווייל פון איין זייט איז עס ביי דער וועלט אַ שטיקעל בזיון; אָרעמע קרובים איז אַ ודאי ניט קיין „מורא־מורנו". פון דער צווייטער זייט, איז עס פּשוטע בלוט־צאַפּערס, פּוילע זולל וסובא גיקעס! שטענדיג דאַרף מען רק!

צום מאָל אָבער געפינט ער, פאַרקעהרט: מע קויפט זיך דורך זיי אַ חלק לעולם־הבא. אַ טענה לעבט דאָך ניט אייביג! היינט־זשע קויפט מען זיך אַ נאָמען אין דער וועלט. אַ שדכן האָט בכחה צו דערציילען אין דער פּרעמד: „די גאַנצע משפּחה לעבט פריהער פון גאָט, דערנאָך פון איהם".

אַזוי אָדער אַזוי — איז ביי איהם קיין ספק ניט, אַז די אָרעמע קרובים זיינע, זעבען פון זיינעט וועגען געבאָרען געוואָרען.

נאָר לויט דער מיינונג פון חאַנצי, אברהם דעם טויבענס, אַ דערוואַקסענע בתולה, אַ שני־בשני מיט עזריאל ווייסמאַן, איז פאַרקעהרט, דער עזריאל, דער איינציגער עושר אין זייער משפּחה, געבאָרען געוואָרען צו ליב איהר און נאָך אַ זעלבע ווי זי אין דער משפּחה: דאָס אָרעמקייט זאָל זיך מעהר אַרויס זעהען און דייטליכער פיהלען.

זי קאָן ניט לייקענען פאַר זיך — דער פעטער עזריאל איז זיך ניט מונע פון די אָרעמע קרובים; ווי זיי לעבען שוין דאַרט, נאָר אויב דאָס הייסט „געלעבט", אין'ס כמעט איינגאַנצען פון זיין האַנט. אָבער דאָך איז איהם דאָס „געבען" גרינגער, ווי זיי דאָס „נעמען". עס איז פּשוט: איהם גאָב'ן „געבען" בלייבט נאָך געגוג, און זיי נאָך „נעמען" בלייבט ניט מעהר ווי אָרעמקייט און אייביגע קנעכטשאַפט.

איהר דאַכט זיך, אַז די גאַנצע משפּחה קאָן דעם קאָפּ ניט אויפהייבען. זיי פיהלען איבער זיך איין אונבעגרייפליכע משא. זיצענדיג אין דער היים, אין קלויז ביים קריגען זיך איבער קהל־גע־שעפטען, אפילו די מיידלעך ביים אָנטון זיך שבת צום שפּאַציר — פיהלען זיי, אַז זיי זענען ניט זייערע; זיי זענען דעם פעטערס. זי ווייסט. אַז איהרע חבר'תעס פון די קרובים היטען זיך שבת, ווען זיי געהען פאַרפּוצט — דורך צו געהן דורך'ן פעטערס גאַס: זיי ווילען ניט אויפרייסען די אויגען.

„שרה'קע — דעם פעטער דניאלס האָט דער נייער זייגער־מאַכער געוואָלט נעמען ווי זי שטעהט און געהט! אַ גליקליכע וואָלט זי געווען! האָט דער פעטער ניט גורם געווען: „דער פרענט איז פון יענעם צו!" און דערצו אַ שטיקעל שגץ".

איינענטליך מישט ער זיך ניט אין די קרובים'ס געשעפטען, און זאָגט זיי קיין דעה ניט; ער איז צו פיעל פאַרנומען און צו הויך

דערצו; ער האט נאר א זויערע פנים ארויס געשטעלט. נאר די קרובים מאכען שוין אליין דאס פירוש פון דער זויערער מינע.

דער פעטער איז געבארען געווארען דאס נידעריגקייט פון דער משפחה צו פאר גרעסערען.

צו דעם בעשלוס איז זי געקומען נאך פון קליינערהייט.

אפשר וואלט זי דעמאלט נאך ניט געוועזען געוואוסט, אויב ס'איז פארהאן מיידלעך, וואס וויקלען זיך אין זייד, און לעגען זיך גאלדענע קייטען אויף די העלדזער — האט זי דערמאנט דעראן פאניטשקע, דעם פעטער עזריאלס, וועלכע זי פלעגט זעהען אלע שבת פארנאכט, ווען זי פלעגט מוזען געהן א היין נאך איין "איינגעשטעלט טעפל" צו שלש סעודות.

זי געדענקט נאך אלע דריי חתונות ביים פעטער, ווי די קרובים האבען זיך קיין ארט ניט געפונען; "ניט געהן" — האט מען מורא געהאט פארן פעטערס רוגז; איז מען געגאנגען און זיך א וועק־געזעצט האט די מוהמע געווארטשעט: "פרעסען איז עס געקומען! העלפען — ניט מיט קיין האנט אין קאלט וואסער!" האט מען זיך גע־ווארפען אין קיך אריין עפיס העלפען, טוען, דערלאנגען — האבען די דיענסטען נאכגעקוקט, אויב מע גנב'ט ניט אראב א שטיקעל ריינקוך.

אז די מחותנים זענען אנגעקומען מיט'ן חתן, האט מען אלע געלאדענע פארגעשטעלט, יעדען מיט'ן נאמען; נאר אויף די ארעמע קרובים האט מען אבגעטייט מיט איין פונגער און עפיס א שושקע אין אויער.

אז זי איז עלטער געווארען און האט פארשטאנען, אז איהר פאטער איז נאך גאר קיין אלטער יוד ניט, און וואלט נאך געקאנט עפים טון, פריוועט דאס מזל, ווען ניט די זינדיגע תמיכה פונ'ם פעטער עזריאל, אויף וועלכער ער פארלאזט זיך — האט דער ביסען ביים פאטערס טיש זי אנגעהויבען ווארגען.

איהר וואלט ניחא געוועזען דער פעטער זאל זי אויף איינמאל אנעמען פאר דער פלייצע, ארויס טרייבען און פארזאגען, זי זאל מעהר אהער ניט קומען זשעברען.

נאר ביי יעדען מאל, וואס דאס וואסער קומט צום מויל, שיקט דער פאטער ניט קיינעם צום פעטער — נאר זי; און ביי יעדען מאל מאכט דער פעטער א זויערע מינע גלייך ווי פון א קרעמפפען דארט אינווייניג — נאר אבזאגען האט ער איהר נאך קיינמאל ניט אבגעזאגט.

איהר פלעגט זיך דאכטען, אז דאס זויערע פנים מאכט דער פעטער נאר צוליב איהר. זי זאל ניט פארגעסען, אז זי קומט בעטען רחמים, אז שולדיג איז איהר דא קיינער ניט.

"אז ניט, וואס דען איז ער מדקדק צו געבען מיר די תמיכה נאר דורך פאניטשקען?".

"זיי ווילען זי אויך שוין אויסלערנען חסדים טון אויף מיר!"

און שפעטער, אז איהר איז געקומען א געדאנק אין קאפ צו בילדען זיך, און האט זיך אויסגעבעטען אומזיסטיגע לעקציאנען ביי דעם לעהרער, וואס האט מיט פאניטשקען געלערענט, איז פאניטשקען ניט אנגעשטאנען, און זי האט געמוזט אויפהערען;

אייגענטליך האט דער פעטער גאר ניט געזאגט קעגען דעם; פאניטשקע — אויך ניט. מ'האט געקאנט רעכענען — זיי ווייסען גאר ניט דערפון, נאר אט אזוי, שווייגענדיג האט זיך עס געטאן. זי האט דערפיהלט, זי דארף זיך אבזאגען.

דאמאלס האט זי "זייי" פיינד בעקומען מיט איהר גאנצער פאר־הויפטער נשמה.

און גליקליך וואלט זי געוועזען, ווען זי פיהלט א רעכט צו בעשולדיגען דעם פעטער אין אכזריות, אין קארגשאפט.

ליידער האבען אבער שטענדיג זיינע חסדים מיט דער ארעמער משפחה און מיט איהר אייגענעם פאטער געשטאכען די אויגען, גע־שטאכען — ביז טיעף אין דער נשמה. זי ווייסט, אז אינם ביסען ברויט, וואס זי עסט, האט ער א גרויסען חלק; אפילו ביי דירה געלד, מוז מען אנקומען צו זיינע גמילות חסדים! די לופט אין שטוב איז איהר פאר־סמ'ט! זי איז "זיינע"...

און זי האט געלעגט דעם קאפ, שניידעריי זיך אויס צו לערנען

...אט זיך ערשט דאמאלס ארויס געוויזען פאר איהר, וואס פאר א שטראף איין עושר איז אין איין ארעמער משפחה. אלע פריינד זענען אויף איהר אויפגעשטאנען, איינשליינגען האבען זיי זי געוואלט: "סמייטש, דעם פעטער אזא בושה! ער וועט זיך אינגאנצען מוגע זיין פון אלע קרובים!".

נאר זי האט זיך געפאסט, דעם פאטער אינגאנצען אבראטעווען פונם פעטערס חסדים.

און די קרובים האבען זיך דאס מאל ניט טועה געוועזען; דער פעטער איז געווארען להרג ולאבד. עס האט דעמאלט געהאלטען פאר א שידוך מיט פאניטשקען; עס האט איהם גאר ניט געפאסט אזא נאהנטע שניידערקע.

ער האט בעפוילען, אז ער האט בדעה געהאט, חנצין צוויי הונדערטער נדן צו געבען, נאר איצט — גלייך א ווילד פרעמדע!

און איהר האט אין צווייען הנאה געטאן:

ראשית, איז איהר דאס ערשטע מאל צו ברענגען דעם פעטער דערצו, ער זאל זיך אינטערעסירען מיט איהר, רעדען פון איהר, און אבבייסען זיך אויף איהר, ווי אויף א קרובה. ביז א הער איז צווישען זיי מעהר ווי די תמיכה קיין שום פארקעהר ניט געוועזען; אזוי, אז מ'האט געקאנט דענקען, ער ווייסט ניט צו ווידמענען זיך ערגיץ דארט אין אונטערגעסל זיינע קרובים.

צווייטענס, האט זי זיך אויסגערעכענט: דריי קינדער האט שוין דער פעטער חתונה געמאכט איידער זי איז געווארען שניידערקע; קומט אויס, אז איהר פאטער האט ביי איהם פארדיענט דריי מאל צו צוויי הונדערט רובל. ער איז איהם אבער אבגעקומען מיט תמיכה, מיט חסדים; האט ער איהם נאך איהר חשבון בערויבט.

איהר איז זעהר בעקומען צו טראכטען, אז דער רייכער פעטער נעמט נאר ביי די ארעמע קרובים! —

זי האט זיך געפלאגט, נאר זי האט בעגליקט. שוין אליין גע־פיהרט א ווארשטאט.

אין דער תחלה האבען די קרובים און פיעל פונ'ם שטעדטל, וואס האבען אבגעהאנגען פונ'ם פעטער—זיך אויסגעהיט פון צו גייען ביי איהר. קיינער האט דעם גביר ניט געוואלט דער רגז'ען. נאר אז

קריסטען האבען אנגעהויבען גייען בּיי איהר, האבען יודען, פארשטעהט זיך, ניט אויסגעהאלטען. די ערשטע איז געוועזען — פאניטשקע, וואס האט אנגעהויבען נייען איהרע קליידער בּיי חנציין. זי האט גאר שוין ניט געהייסען גלאט חנצי, זי האט געהייסען „מאדמואזעל ווייסמאן".

גאר „מאדמואזעל ווייסמאן" האט פיינד געהאט דעם פעטער עזריאל ניט ווייניגער ווי „חנצי דעם טויבענס". זי האט געדורשט נקמה; זי האט געהאפט תמיכה צו געבען דעם פעטער עזריאל.

און דאס איז איהר געקומען אומגערעכט.

פאניטשקע איז, נאך דריי שדוכים אבגעלאזטע, דאס פיערטע מאל צום מזל א כלה געוואָרען, און האט געדאַרפט שבת נאך שבועות חתונה האבען. די חתונה־קליידער האט מאדמואזעל ווייסמאן אנגענומען, און האט געדאַרפט עפּטער אריין קומען צום פעטער מעסטען און פאררעכטען.

אויף איינמאל איז זי אריין געקומען, און האט פאניטשקען ניט געטראפען. זי האט זיך צו געזעצט וואַרטען אויף איהר.

פון'ם קאבינעט האט זיך צו־רויסגעהערט א געשפּרעך צווישען פעטער מיט'ן רוסישען לעהרער פון פאלקס־שולע. יענער איז געוועזען א בעקאנטער אנטיסעמיט, און חאטש וואס ער איז געקומען לייען עטליכע רובל בּיים יודישען גביר, האט ער ניט געפונען פאר נייטיג אויפהאלטען זיך פון עטליכע ווערטער וועגען יודען. ער האט געוועהנליך געמאכט דעם גביר פאר איין אויסנאהם, גאר ניט עהנליך צו די איבעריגע זשידעס...

„ס'איז א פאלק פון לויטער פּיאַווקעס! גאַנצע משפּחות בּיי זיי וואס לעבען פון עסקא, פון שאַחער־מאכער. ערד אַרבּעט עס ניט, א בּעל־מלאכה איז א בּזיון אין דער משפּחה!"

דער פעטער זיצט בּלאז־קעפּיג פאר'ן לעהרער, שאקעלט אב אויף אלעמען, נאר אויף די לעצטע ווערטער האט ער זיך אבגעשטעלט.

אום פארצייהונג, גאספּאַדין אוטשיטעל! טייל משפּחות איז טאקי אזוי, גאר ניט אלע! אט איז אפילו אין מיין משפּחה דא בּעלי־מלאכות און גלאט אזוי אָרעמע לייט, וואס לעבען אויף זייערע הענט און פּלייצעס.

— פון פאמיליע ווייסמאן איז ניטא וואס צו רעדען, ענטפערט יענער אויף קאצען־שפּראַך: די פאמיליען ווייסמאן איז בּעוואוסט צווישען אלע קריסטען, אלץ איין אויסנאהם!

עזריאל האט אנגעבויגען דעם האלב גרויען קאפּ, גלייך צום בּענטשען. א נארישער שמייכעל פון א צופרידענעם האט זיך איהם צע־לעגט איבער'ן גאנצען פּנים.

מאדמואזעל ווייסמאן האט זיך פארטראַכט. זי איז אצינד געקו־מען צו א נייען געדאנק:

אזוי פיעל אָרעמע לייט און בּעלי־מלאכות דאַרף זיין אין איין פאמיליע — אום צו געבען רעכט צום עקזיסטירען חאטש איין גביר צווישען זיי.

און דעמאלט האט זי דערפיהלט, אז זי'ז ניט תמיכה — דעם פעטער עזריאל און איז פאַרטיג געווען אנצונעמען זיין מיינונג:

„די אלע יודישע אָרעמע לייט זענען בּעשאפען געוואָרען נאר צוליב דעם בּיסל גבירים!.."

אז זי איז אהיים געגאנגען, האט זיך איהר געוויזען, אז זי האט רחמנות אויפ'ן פעטער. שונאי ישראל וואלטען איהם גערן איינגעשלינגען.

אויף דער חתונה, איז זי משער, וועט מען זי א ודאי רופען. זי האט זיך געפּאַסט צו געהן. איין חסרון נאר: זי איז מיט'ן טואַלעט ניט צוגעגרייט, ווי עס פּאַסט בּיי א פעטער.

און דאַ איז שוין בּאלד שבת נאך שבועות.

יהודה שטיינבּערג.

---

# די סחורות און זייער ווערט.

(ענדע.)

מיר זאגען, אז ווי נאר א געוויסע געבּרויך־ווערט ענטהאלט אין זיך מענשליכען כח, בּעקומט זי א טויש־ווערט, א סחורה־ווערט און ממילא קומט אויס. אז די ווערט פון דער סחורה איז די ארבּייט, וואס איז אנגעווענדעט געוואָרען אין דעם אדער יענעם פּראדוקט. פון וואנעט ווייסען מיר דאס אבער? אפשר זענען דא אנדערע יסודות אין פּראדוקט, וועלכע בּעשאפען די טויש־ווערט?

בּכדי דאס וויסענשאפטליך צו בּעווייזען וועלען מיר נעמען אלס משל אזא סארט געשעפט, וואו געלד איז ניט דער פארמיטלער צווישען סחורות, אזא פאל, וואו די סחורות ווערען אויסגעבּיטען איינע אויף די אנדערע גלייך אהן א שום פארמיטלער, וואו דער קונה מיט'ן מוכר האבען ניט געמאכט קיין געלד־מסחר, נאר א חילוף פון פארשידענע סארטען סחורות.

א וועבער, למשל, האט אויסגעוועבט 20 ארשין לייוונד, וועלכע זענען איהם ניט נייטיג פאר'ן אייגענעם געבּרויך; א שניידער ווידער האט אויפגענייט א ראק, אין וועלכען ער אליין נייטיגט זיך ניט. צוזאמען טרעפענדיג זיך האבען זיי בּיידע אויסגעבּיטען זייערע פּראדוקטען איינע אויפ'ן אנדערען, ווייל אלעמען איז בּעוואוסט, אז 20 ארשין לייוונד קאסטען אזוי פיעל, וויפיעל עס קאסט 1 ראק.

דער וועבער ארבּייט פארווערטס, די לייוונד, וועלכע ער וועבט אלץ ווייטער מעהר אויס, בּייט ער אויס אויף פארשידענע כלי־בית (מעבּעל) און אויף אנדערע זאכען, וועלכע זענען איהם נייטיג. 20 ארשין לייוונד האט ער למשל אויסגעבּיטען אויף א בּעט, נאך 20 ארשין אויף א טיש, נאך 20 ארשין אויף א חודש דירה, נאך 20 ארשין פאר 2 פוד בּרויט אז"וו. אין יעדען מסחר, וואס דער וועבער האט דא געמאכט, איז דער פּרייז פון די אויסגעבּיטענע סחורות אומעטום געווען גלייך: 20 ארשין לייוונד האט די זעלבּיגע ווערט ווי א ראק, ווי א בּעט, ווי א טיש, ווי א דירה אויף א חודש, ווי 2 פוד בּרויט. ווען מיר פארצייכנען דאס אויף פּאפּיר בּעקומען מיר אזא מין רשימה:

20 ארשין לייוונד זענען גלייך צו 1 ראק.
20 „ „ „ „ „ 1 בּעט.
20 „ „ „ „ „ 1 טיש.
20 „ „ „ „ „ 1 דירה.
20 „ „ „ „ „ 2 פוד בּרויט.

די אלע סחורות זענען זאכען, וועלכע זענען נייטיג צום פאר־שידענעם געבּרויך, זיי שטעלען צופרידען פארשידענע ניט

גלייכע מענשליכע בעדערפנישען: ברויט שטילט דעם הונגער, לייווענד און א ראק זענען מלבושים, א בעט און א טיש זענען מעבעל. יעדע פון די אויסגערעכענטע סחורות דיענט צו איין אנדער ציעל. די נוצען, וואס מען האט פון איין סחורה איז אנדערש ווי די וואס מען האט פון דער אנדערער. די אלע סחורות האבען פארשידענע געברויך־ווערטען. די געברויך־ווערטען זענען צווישען זיך פארשידען, אזוי ווי עס איז פארשידען די מאטעריאלען, פון וועלכע זיי זענען געמאכט געווארען. לייווענד איז געוועבט פון פאדעם, א טיש איז געמאכט פון האלץ, א דירה איז צוזאמען געשטעלט פון ציגעל און אייזען און אזוי ווייטער.

די ניט גלייכע געברויך־ווערטען פיהרען טאקי צום מסחר. ווען די געברויך־ווערטען וואלטען געווען אלע גלייך וואלט קיין שום מסחר ניט געקאנט זיין. קיינער וועט ניט נעמען אויסבייטען לייווענד אויף לייווענד, א בעט אויף א בעט אז״וו. אויסגעביטען קענען נאר ווערען איינע אויף די אנדערע סחורות ניט גלייכע, אזוינע וועלכע האבען ניט גלייכע געברויך־ווערטען.

איצט ווילען מיר פרעגען, ווי באלד אז די אויסגעביטענע סחורות טארען ניט זיין גלייך, טא ווי קאן איך זיי פארגלייכען איינער צום אנדערען? אויבען האבען מיר פארצייכענט א רשימה, אז 20 ארשין לייווענד איז גלייך צו 1 ראק. יעדער ווער עס איז נאר עטוואס בעקאנט מיט מאטעמאטיק ווייסט, אז פארגלייכען קאן מען נאר גלייכע זאכען. עס איז, למשל, זעהר נאריש צו פארגלייכען ציפער צו מעבעל, מעבעל צו א מלבוש אז״וו. ווען מיר פארגלייכען 20 ארשין לייווענד צו א ראק איז דאך מסתמא דא צווישען זיי א צד השוה, א גלייכע זייט, ווען ניט וואלט מען דאך אונמעגליך זיי געקאנט פארגלייכען. וואס איז דער צד השוה, דער אלגעמיינער שטריך פון די פארשידענע סחורות? מיר קענען ניט זאגען, אז דער צד השוה איז די נאטירליכע זייט פון די פראדוקטען (די געברויך־ווערטען) נאר די געזעלשאפטליכע זייט, דער גלייכער חלק, וואס די געזעלשאפט האט אריין געלעגט ביים בעשאפען די פראדוקטען. דאס איז מענשליכער כח, ארבייטס־קראפט. יעדערער פון די אויבען דערמאנטע בעלי־מלאכות, אי דער וועבער, אי דער שניידער האבען ביי זייערע פראדוקטען געהארעוועט, ביידע האבען אויסגעלאזען א טייל ענערגיע, כח. אט די ארבייטס־קראפט, די מענשליכע ענערגיע, וואס איז פארברויכט געווארען אויף יעדער סחורה בעזונדער, איז דער צד השוה פון די סחורות, צוליב וועלכע זיי קענען ווערען פארגליכען און אויסגעביטען איינע אויפ׳ן אנדערען.

די איינגענשאפט פון דער ארבייטס־קראפט, וועלכע איז פארווענדט געווארען אין וועבען, איז טאקי גאנץ אנדערש פון דער ארבייטס־קראפט, וועלכע איז פארווענדט געווארען ביים נייען דעם ראק אדער ביים בויען דאס הויז. דען ביי יעדען פראדוקט ארבייט מען מיט פארשידענע מוסקלען, מיט אנדערע נערוועז. א שניידער, למשל, ארבייט מעהר מיט די הענט, א שוסטער מעהר מיט די פיס ווי א שניידער, א לעהרער מיט׳ן מח און הארץ. אבער ביים מסחר ווערד פארגליכען ארבייטס־קראפט בכלל, מענשליכע כח, ניט קוקענד מיט וועלכע מוסקלען אדער נערוועז זיי זענען אנגעווענדט געווארען. די פארגלייכונג פון 20 ארשין לייווענט צו 1 ראק איז דער פשט, אז 20 ארשין לייווענט ענטהאלטען אין זיך אזוי פיעל מענשליכען כח בכלל וויפיעל עס ענטהאלט אין זיך די טויש־ווערט פון 1 ראק.

די מאס מענשליכע ענערגיע אין יעדען פראדוקט ווערד אויסגעמאסטען מיט דער צייט, וויפיעל שעה עס דארף דויערען דאס בעשאפען א געוויסע סחורה. 20 ארשין לייווענט ווערען אויסגעביטען אויף 1 ראק דעריבער, ווייל די פארווענדונג פון מענשליכען כח בכדי צו בעשאפען 20 ארשין לייווענט דויערט אזוי פיעל צייט וויפיעל עס דארף דויערען דאס בעשאפען 1 ראק.

מיר זאגען דא בכוונה דארף דויערען, ווייל מען קוקט ניט וויפיעל צייט עס דויערט אין אמת׳ן דאס אויסארבייטען א פראדוקט ביי יעדען יחיד בעזונדער. ווען 20 ארשין לייווענט דארף דויערען ביי א מיטלען ארבייטער 10 שעה דאס אויסוועבען און דאס אויסנייען 1 ראק אויך 10 שעה, דענסטמאל וועלען זיי ביידע האבען א גלייכען טויש־ווערט. ווען, למשל, דער וועבער איז זעהר א געשווינדער ארבייטער און ער וועט אויסארבייטען די 20 ארשין לייווענט נאר אין 5 שעה וועט ער אלץ קריגען דעם ראק, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס אין ראק איז דא 10 שעה ארבייט און אין די לייווענט נאר 5 שעה, ווייל מען קוקט בכלל וויפיעל עס דארף דויערען אבער ניט אויף א יחיד, וואס איז א יוצא מן הכלל. דאס גלייכען פארקעהרט, ווען דער וועבער, למשל, איז א פוילער אדער בכלל א לאנגזאמער ארבייטער און איהם האט געדויערט דאס אויסוועבען די 20 ארשין 20 שעה קאן ער ניט פאדערען 2 רעק דערפאר, ווייל מען קוקט ניט, וויפיעל ער האט געארבייט, נאר וויפיעל עס דארף דויערען בכלל א מיטלען ארבייטער מיט מיטלע פעהיגקייטען און מיט געוועהנליכע איינגעפיהרטע מאשינען.

איצט וועט אונז שוין קיין וואונדער ניט זיין פאר וואס אין די מערב לענדער, אין ענגלאנד און אמעריקא קאסטען געוועהנליך סחורות א סך ביליגער, ווי אין די מזרח לענדער. אין אמעריקא און אין ענגלאנד זענען איינגעפיהרט די נייעסטע מאשינען, צוליב וועלכע יעדער פראדוקט ווערד בעשאפען א סך גיכער ווי מיט די מאשינען, וועלכע ווערען בענוצט אין די מזרח לענדער, ווי באלד אז דער דארטיגער פראדוקט ענטהאלט אין זיך ווייניגער שעות ארבייטס־קראפט, האט ער דאך א קלענערען טויש־ווערט און ממילא קאסט ער ביליגער. דאס איז ווידער אויך די סבה פאר וואס די פראדוקטען ווערען וואס א יאהר אלץ ביליגער, וואס ווייטער ווערען אלץ אריינגעפיהרט אין לעבען נייע מאשינען, וועלכע פארשפארען א סך מענשליכען כח און ממילא ווערד אויך קלענער די ווערט.

מיר מוזען בעמערקען, אז דאס וואס מיר זאגען, דאס די טויש־ווערט ווערד אויסגעמאסטען מיט דער צאהל שעות וויפיעל עס דארף דויערען דאס אויסארבייטען א געוויסען פראדוקט און ממילא וועט א סחורה וואס ענטהאלט אין זיך 10 שעה ארבייט ווערען אויסגעביטען אויף איין אנדערע סחורה, וועלכע ענטהאלט אין זיך ניט מעהר און ניט ווייניגער, ווי 10 שעה ארבייט, דאס איז נאר שייך צו א זעלכע מינים ארבייט, וועלכע עס קאן אויספיהרען יעדער איינציגער

געזונטער אהן א שום איבונג אדער לעהרע — אזא ארבייט וואס די וויסענשאפט רופט אן „פראסטע, איינפאכע ארבייט". די סארטען ארבייט, וועלכע פאדערען א געוויסע איבונג אדער לעהרע, ווערען אנגערופען „געקינסטעלטע ארבייט" און ווערען געשעצט גאנץ אנדערש. ווען א קינסטלייר, למשל, וועט אויסארבייטען א בילד אין פערלויף פון 10 שעה, וועט עס ניט ווערען געשעצט נאר אין 10 שעה, נאר אין א סך מעהרער, ווייל צו דעם בילד רעכען איך צו א טייל פון דער צייט, וועלכע ער האט פארברויכט אויף דער לעהרע. דאס איז טאקי די סבה פאר וואס א דאקטאר נעמט פאר א וויזיט אונגעפעהר אזוי פיעל, וויפיעל א פראסטער ארבייטער פארדיענט אין א גאנצען טאג. ווייל איידער דער דאקטאר בעקומט די מעגליכקייט צו בעזוכען קראנקע מוז ער פארברויכען 14—15 יאהר אויף דער לעהרע, וואס דעמסטמאל פארדיענט ער ניט איין קאפיקע. דעריבער מוז ער זעהען, אז נאך דעם, אין דער צייט ווען ער הייבט שוין אן צו פראקטיצירען זאל ער פארדיענען אויך פאר דער צייט פון דער לעהרע. ד"ה, אז אין יעדע שעה׳ פון זיין פראקטיקע ליגען איינינע שעה צייט פון דער לעהרע און דעריבער איז 1 שעה דאקטארשע ארבייט גערעכענט ווי 10 שעה פראסטע ארבייט.

א. ש. זאקס.

---

# אלטנייַלאנד.

(פארטזעצונג).

VI

פרידריך הייבט זיך אויף ארויסצוגעהן און ביי דער טיר טרעפט ער ווידער דעם געפרוירענעם יונגעל שטעהן. דאס מאל שטעהט ער מיט׳ן פעדלער אינאיינעם און יענער גיט איהם איבער דאס הארטע ברויט. דאס איז אלזא דער פאטער פונ׳ם יונגעל געווען.

„וואס טוט איהר דא?" פרעגט זיי פרידריך.

„איך גיב איהם אב דאס מאכעכץ, גנעדיגער הער", ענטפערט דער פעדלער, — „ער זאל זי׳ א היים טראגען צו מיין ווייב. דאס איז מיין ערשטע לייזונג היינטיגען טאג".

„איז עס אמת?" פארשט איהם פרידריך אויס.

„הלואי וואלט עס אזוי געווען ניט אמת ווי סע איז אמת", ענטפערט דער יוד מיט א קרעכץ. „אומעטום שטופען זיי מיך ארויס ווען איך וויל האנדלען. אז מע איז א יוד זאל מען זיך בעסער גלייך אין דאנוי אריין ווארפען".

פרידריכ׳ן האט פלוצים אנגעכאפט א רצון דעם מענשען א טובה צו טון. ער האט זיין קארטל אריינגעווארפען אין דעם ערשטען פאסט־קעסטל און האט זיך געלאזט געהן מיט די ביידע קבצנים ווייטער. דער פעדלער האט איהם דערווייל אויסדערצייהלט זיין גאנצע ביאגראפיע.

פון גאליציע שטאמט ער ארויס. אין קראקוי האט ער געוואהנט אין איין צימער מיט נאך דריי פאמיליעס. געלעבט האט ער פון דער לופט. האט ער זיך געטראכט, שלעכטער קאן דאך שוין ניט זיין און איז מיט ווייב און קינדער ארויס קיין וויען. דא איז ווירקליך ניט ערגער, אבער אויך ניט בעסער.

„וויפיעל קינדער האט איהר?" פרעגט פרידריך.

דער ארעמער יוד הייבט אן זיך שטיקען פון טרערען: „פינף האב איך געהאט, דריי האב איך שוין דא אין וויען באגראבען. איצט האב איך נאך דעם יונגעל, וואס איהר זעהט און א קליין מיידעלע ביי דער ברוסט... דוד, לויף ניט אזוי גיך".

דאס יונגעל קוקט זיך אום און ענטפערט: „די מאמע איז גע־ ווען אזוי הונגעריג בעת איך האב איהר געבראכט די דריי גרייצער פון דיזען הערן".

„אזוי? דאס זענט איהר עס געוועזן דער גוטער הער?" שרייט אויס דער ארעמער יוד און זוכט פרידריכ׳ס האנט אום זי צו קישען.

פרידריך נאטירליך לאזט איהם ניט און ער פרעגט זיך צום יונגעל וועגדענדיג: „זאג נאר, קליינער, וואס האט דיין מאמע גע־ מאכט מיט די פאר גראשען?"

„מילך האט זי געקויפט פאר מרים׳ן", איז געוועזן דוד׳ס תשובה.

„מרים איז אונזער צווייטעס קינד" בעמערקט דער פעדלער.

„און די מאמע איז ווייטער געבליבען הונגעריג?" דערפרעגט זיך ווייטער פרידריך.

„יא, הער!"

פרידריך האט נאך ביי זיך געהאט עטליכע רייניש. פאר איהם איז שוין געוועזן גלייכגילטיג, צי ער האט געלד, צי ניט, ער האט זיך מיט׳ן לעבען שוין אבגעזעגענט. פאר דיזע ארעמע לייט אבער קאן דאס געלד בעטרעפען א גאנצען אוצר. ער האט ביי זיך בעשלאסען זיי עס אבצוגעבען. נאר פריהער האט ער געוואלט זיך איבערצייגען, צי האט ער ניט צו טון מיט שווינדלערס, און ער איז מיט זיי מיט־ געגאנגען צו זייער היים.

געהענדיג אזוי אויפ׳ן וועג פרעגט דוד ביים פאטער: „איך מעג עסען א שטיקל ברויט?"

„עס, עס, מיין קינד! איך וועל אויך עסען א שטיקל. פאר דער מאמען וועט נאך בלייבען גענוג".

דער טאטע מיט׳ן זוהן האבען זיך גענומען חרושטשען דאס הארטע ברויט.

VII

פאר א הויף ניי אויפגעבויעטעם הויז זענען זיי געבליבען שטעהן. דער פעדלער האט א ציה געטאן דעם גלאק. קיינער האט זיך ניט אנגערופען. אבגעווארט אביסל האט ער ווידער אנגעקלונגען און דערביי געזאגט:

„דער סטרוזש ווייסט שוין ווער דא איז. ער האט זיך צייט. אפט שטעה איך דא אב גאנצע שעה׳ן, ער איז א גראבער מענש. אפטמאל ציטער איך גאר א היים צו געהן: אז איך האב ניט קיין פינף גרייצער איהם צו געבען אין דער יד אריין".

„וואס זשע טוט איהר דאמאלס?" פרעגט פרידריך.

„דאמאלס געה איך ארום ביז אין דער פריה, ביז מע עפענט דעם טויער".

פרידריך האט שוין אליין אנגענומען דעם גלאק און א פאר מאל אנגעקלונגען מיט הימפעט. אונטער דער טיר האט זיך אנגע־

הויבען הערען טריט. דער סטרוזש האט געעפענט דעם טויער מיט א לאמטערען אין האנט און האט מיט ברוגז געפרעגט:

„ווער רייסט עס אזוי דעם גלאק? וואס? די זשידעס?"

דער פעדלער פארענטפערט זיך מיט פחד:

„ניט איך — דער הער דא!"

דער סטרוזש זידעלט זיך: „אזא עזות!.."

„שטיל זאל ווערען, שייגעץ!" פאלט אויף איהם אן פרידריך און גיט איהם דערביי א שמיץ פאר די פיס א זילבערנע מטבע. דער קלאנג פון דער מטבע האט דעם סטרוזש פארכשופ'ט. ער איז געווארען שטיל און האט אנגעהויבען זיך פארענטפערען מיט הכנעה:

„ניט אייך האב איך געמיינט, גנעדיגער הער, די יודען האב איך געמיינט!"

נו, נו, שטיל זאלסטו נאר זיין און די טרעפ בעלייכט מיר מיט דיין לאמטערן.

דער סטרוזש חאפט א קוק אויף דער מטבע. ס'איז א גאנצע קראנע. סע מוז זיין א לייטישער מענש, טראכט ער זיך, און לייכט זיי אונטער ביים ארויפגעהן אויף די טרעפ.

זיי זענען ארויפגעגאנגען ביז'ן פינפטען שטאק. א שרעקליך בילד פון ארעמקייט האט זיך פאר פרידריכ'ן געעפענט ביי די ליטוואק'ס אין דער וואהנונג (ליטוואק איז געווען דער פאמיליען־נאמען פון דעם ארעמען פעדלער).

טונקעל, קוים א שיין צו זעהען, אהן א שטיקעל מעבעל, ניט קיין בענקל, ניט קיין טיש, ניט קיין שאפע, נאר א הויפען שטרוי אויפ'ן פאל און אויף די פענסטער עטליכע פלעשלעך מיט א פאר צעבראכענע טעפ, — מיט איין ווארט: גיכער א שטאל אלס א מענשען־וואהנונג.

אויף דעם שטרוי ליגט פארשמאכט די קראנקע פרוי ליטוואק און ביי דער זייט האלט זי דאס קליינע זויג־קינד. ביים אנבליק פונ'ם פרעמדען בלייבט זי א ווייל'ע זעהר דערשראקען און פרעגט מיט אנגסט: „ווער איז עס, חיים?" דער מאן בערוהיגט זי, אז עס איז א גוטער הער.

„דא וואהנען מיר", זאגט חיים ליטוואק צו פרידריכ'ן מיט א ביטערען שמייכעל, „נאר איך וויים נאך ניט אויב מיר וועלען דאס אויך איבערמארגען האבען, דען מע האט מיר שוין א התראה געגעבען".

און חיים ערקלערט אויף פרידריכ'ס פראגע, אז ער דארף האבען 3 רייניש אום צו בלייבען זיצען אין דער דירה, נאר אזא אוצר זעהט ער גאר ניט איין, ער זאל קאנען בעקומען.

פרידריך האט דערלאנגט פון דער קעשענע זיינע לעצטע אכט רייניש און זיי אבגעגעבען דעם פעדלער.

ס'איז לייכט זיך פארשטעלען די שמחה פון דער פאמיליע דערזעהענדיג אזא ישועה. פריהער האבען זיי זיך קוים געגלויבט, נאכדעם געהט א סדרה פון פאלען צו די פיס, קישען די הענט און דעסגלייכען, פון וועלכען נאטירליך פרידריך וועהרט זיך ענערגיש אב.

VIII

פרידריך געזעגענט זיך ענדליך. דער קליינער דוד בעגלייט איהם מיט א ליכט פון די טרעפ אראב. אין מיטען גאנג שטעלט זיך דאס יונגעל אב און זאגט: „גאט וועט פון מיר מאכען א שטארקען מענשען, דעמאלט וועל איך אייך בעצאהלען".

פוי דעם טאן און די ווערטער איז פרידריך איבערראשט געווארען. עס איז עפים אויסגעקומען שטאלץ, ענערגיש און מיט זעלבסטבעוואוסט זיין, ווי א גרויסער.

„וויפיעל ביסטו אלט?" פרעגט ער ביי איהם.

„דאכט זיך צעהן יאהר."

„וואס ווילסטו ווערען?"

„לערנען וויל איך, פיעל לערנען!"

פרידריך גיט ניט הילענדיג א זיפץ: „און דו מיינסט אז דאס איז שוין גענוג?"

„יא!", ענטפערט איהם דוד, „איך האב געהערט, אז מע איז געלערנט. איז מען שטארק און פריי. גאט וועט מיר העלפען, איך וועל האנען לערנען, דעמאלט וועל איך מיט מיינע עלטערן און מיט מרים'ן געהן קיין ארץ־ישראל".

„קיין פאלעסטינא?" פרעגט פרידריך ערשטוינט, „וואס וועסטו דארט טון?"

„דאס איז אונזער לאנד, דארט קאנען מיר גליקליך ווערען".

דאס ארעמע יודישע יונגעל האט אין צוויי ווערטער ערקלערט זיין צוקונפט און אזוי פראסט, אז מע האט דערפון גאר ניט געהאט וואס צו לאכען. פרידריך האט ניט ווילענדיג זיך דערמאנט אין די געשפעטערייען ביי די לעפלערס, וועלכע ער האט ערשט פאר עטליכע שעה געהערט. דאס יונגעל האט דערווייל ווייטער געזאגט: „און אז איך וועל דעמאלט עפים האבען וועל איך אייך בעצאהלען".

„איך האב דאך ניט דיר געגעבען", זאגט פרידריך מיט א שמייכעל.

„וואס מע גיט מיין טאטען איז גלייך ווי מיר", ענטפערט דוד. „איך וועל עס בעצאהלען מיט פראצענט — גוטס און שלעכטס". דוד האט די לעצטע ווערטער כמעט אויסגעשריגען און דערביי דאס קליינע הענטל פארקלעמערט אין א קולאק און אויפגעהויבען אקעגען דעם סטרוזש.

פרידריך לעגט זיין האנט אויף דעם יונגעלס קעפל און בענשט איהם מיט הארץ: „דער גאט פון אונזערע אבות זאל דיר בייששטעהן!"

און פרידריך איז אליין געבליבען פארוואונדערט איבער זיינע לעצטע ווערטער. „דער גאט פון אונזערע אבות" — ווי לאנג האט ער שוין אזעלכע ווערטער ניט ארויסגערעדט און אפילו ניט געטראכט! נאר אזא באגעגעניש האט אין איהם געקאנט ארויסרופען זכרונות פון לאנג פארגעסענע צייטען, זכרונות פון זיינע קינדער־יאהרען!

(פארטזעצונג קומט).

משה קליינמאן.

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג".

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v, S, L Deutscher Podgorze b .Krakau

# ספרי הנוך ולמוד ומקרא (הוצאת „תושיה") :

1] אלפא ביתא מצוירת בצבעים (עפ"י השטה הטבעית) עם 24 ציורים יפים ואותיות הכתיבה. נדפסת על טבלא גדולה להדביק אל הקיר בבה"ס.
מחירה 20 קאפ'. פאר' 2 קאפ'.
מדבקת על נ' ר עב—30 קאפ'. פאר' 6 ק'.

2] אלפא ביתא מצוירת בצבעים (כנ"ל) מטולטלת, ערוכה בקוביות (בגזרי עץ קטנים), בתבת־ניר יפה— ובתוכה לוח הדוגמא ערוכות לזה.
מחירה 75 ק'. פאר' 10 קאפ'.

3] הנ"ל, בגזרי ניר עב קטנים, בתבת ניר כנ"ל.
מחירה 60 ק'. פאר' 10 ק'.

4] אלפא ביתא מטולטלת, ערוכה בקוביות, אותיותיה מדבקות על גזרי עץ ... בצבעים (קוביות) עם נקודות ... הרכיב מהן מלות ומאמרים— ... בתבת ניר.
מחירה 60 קאפ'. פאר' 20 קאפ'.

5] הנ"ל, מדבקת על גזרי ניר עב קטנים, בתבת ניר כנ"ל.
מחירה 50 ק'. פאר' 10 ק'.

6] אלפא ביתא מצוירת בצבעים (עפ"י השטה הטבעית), עם 82 ציורים יפים. נדבקת על טבלא גדולה להדביק אל הקיר בבה"ס.
מחירה 25 קאפ'. פאר' 2 קאפ'.
מדבקת על ניר עב—35 ק'. פאר' 8 ק'.

7] הנ"ל, במחברת קטנה ונאה, מכורכה במעטפה ציורית (בצבעים) יפה.
מחירה 50 קאפ'. פאר' 10 קאפ'

8] אלפא ביתא מצוירת בצבעים (כנ"ל) מטולטלת, ערוכה בקוביות. ערוכה בתבת ניר גדולה ויפה עם ציור נאה בצבעים ממעל.
מחירה 1 רובל פאר' 20 ק'.

9] עברית בלשון עם ועם. למוד הקריאה למתחילים. י. לוינזון וי. ח. טביוב. I למדברים רוסית, II למדברים זרגון.
מחיר כל מחברת בכריכה 25 ק'. פאר' 4 ק'.

10] ראשית דעת שפת עבר (כנ"ל עם ציורים). מ. קרינסקי.
מחירו 30 קאפ', מב' בבד 40 ק'. פארטא 6 קאפ'.

11] הקריאה העברית (למתחילים). י. ב. לבנר.
מחירו 15 קאפ', מב' בבד 25 קאפ'. פאר' 4 ק'.

12] בית הספר להורות הכתיבה העברית, בחמש מחברות (מאושר מטעה"מ). מ. קרינסקי.
מחיר כל מחברת 7 קאפ'. פארטא 2 קאפ'.

13] לפי הטף להורות את הילדים לדבר עברית מבלי עזרת התרגומים. ה. ילין. ספר המורה, שני חלקים (החלק השני עם לוחות־תמונות).
מחיר כל חלק 75 ק', מב' בבד 90 ק'. פאר' 10 ק'.
שני החלקים מב' יחד בבד 1.70. פאר' 14 ק'.

14] מקרא לפי הטף, להורות את ילדי ישראל קרא וכתוב ודבר עברית, על פי השטה הטבעית, עברית בעברית, עם ציורים. הנ"ל. ספר התלמיד, שני חלקים.
מחיר כל חלק 75 קאפ' בכריכה. פאר' 8 ק'.

15] המבין. פרוזדור לכל ספרי התלמוד. (מאושר מטעה"מ). י. ח. טביוב.
מחירו 30 ק', מב' בבד 40 ק'. פאר' 6 ק'.

16] ראשית למודי שפת עבר (עם תרגום המלות ברוסית ואשכנזית באותיות עבריות). י. גרזובסקי.
מחירו 50 ק', מב' בבד 65 ק'. פאר' 8 ק'.

17] גן הילדים. כריסטומתיה עברית עם תרגום המלים ברוסית ואשכנזית (באותיות עבריות, עם ציורים). ש. ברמן.

מהדורא חדשה מתוקנת.
חלק ראשון מחירו 75 ק', מב' בבד 90 ק'. פאר' 10 ק'.
חלק שני מחירו 50 ק', מב' בבד 65 ק'. פאר' 6 ק'.
שני החלקים מב' יחד בבד 1.45 רו"כ. פאר' 16 ק'.

18] בת חיל או תורת אם, ספר מקרא לבנות ישראל. י. מיוחס.
מחירו 40 ק', מב' בבד 50 ק'. פאר' 6 ק'.

19] מדריך הילדים. מתודה וכריסטומתיה (עם תרגום המלות ברוסית) בב' חלקים (מאושר מטה"מ). ק. וליצקי.
כל חלק 35 ק', מב' בבד 50 ק'. פאר' 8 ק'.
שני החלקים מב' יחד בבד 85 ק'. פאר' 14 ק'.

20] רע הילדים. ספר מקרא למתחילים, כלו מנקד, עם „אוצר המלים" בתרגום רוסי (מאושר מטעה"מ). י. ב. לבנר.
מחירו 40 ק', מב' בבד 50 ק'. פארטא 8 קאפ.

21] ידידנו. מועדי ישראל ותפלותיהם עם תרגום המלות ללשון רוסיה (מאושר מטעה"מ). הנ"ל.
מחירו 40 ק', מב' בבד 50 ק'. פאר' 6 ק'.

22] מורה הילדים. מתודה עם תרגום המלות ברוסית ואשכנזית באותיות עבריות (מאושר מטעה"מ). י. ח. טביוב.
מחירו 90 קאפ', מב' בבד 1.05. פאר' 14 קאפ'.
מפתח (לתרגומי מורה הילדים). הנ"ל.
מחירו 10 ק', מב' בבד 20 ק'. פאר' 4 ק'.

23] עדן הילדים. כריסטומתיה עברית עם תרגום המלות ברוסית, אשכנזית באותיות עבריות, צרפתית ואנגלית. (מאושר מטעה"מ). הנ"ל.
חלק ראשון מחירו 80 קאפ', מכורך בבד 95 ק'. פארטא 10 קאפ'.
חלק שני מחירו 70 ק', מכורך בבד 85 קאפ'. פארטא 8 קאפ'.

24] אגרון לבני הנעורים. מכתבים למופת לילדים ולילדות, לנערים ולנערות, עם מלון לכל המלים והמבטאים החמורים. הנ"ל.
מחירו 50 קאפ', מב' בבד 65 ק', מב' הדר 75 ק'. פארטא 8 ק'.

25] בית ספר עברי. ספר מקרא ולמוד. י. גרזובסקי.
חלק ראשון 25 ק', מב' בבד 35 ק'. פאר' 4 ק'.
חלק שני 50 ק', מב' בבד 65 ק'. פאר' 8 ק'.
חלק שלישי 75 ק', מב' בבד 90 ק'. פאר' 12 ק'.

26] הדקדוק העברי. דקדוק קצר למתחילים, מנוקד. ל. שאצקי.
מחירו 40 ק', מב' בבד 50 ק'. פאר' 6 ק'.

27] תרגילי הדקדוק העברי (להקראה ונתוח). הנ"ל.
מחירו 30 ק', מב' בבד 40 ק'. פאר' 6 ק'.

28] מחברות לנהוחי־דקדוק (שלש מחברות). א. י. גוטליב.
מחיר כל מחברת 10 ק'. פאר' 2 ק'.

29] דקדוק לשון עברית מאת שמואל דוד לוצטו (שד"ל), מעבד ע"י אברהם כהנא.
מחירו 50 ק', מב' בבד 65 ק'. פאר' 8 ק'.

30] מערכת הפעלים (ספר שמושי). א. קליינמן.
מחירו 50 ק', מב' בבד 65 ק'. פאר' 8 ק'.

31] קצור דברי הימים לעם ישראל מראשית היותו עד היום הזה (מנוקד). י. גרזובסקי.
מחירו 50 קאפ', מכורך בבד 60 ק', מכורך הדר 70 ק'. פארטא 6 ק'.

32] תולדות עם ישראל (מנוקד). א. ז. רבינוביץ.
חלק ראשון מחירו 50 ק', מב' בבד 65 ק'. פאר' 8 ק'.
חלק שני מחירו 55 ק', מב' בבד 70 ק'. פאר' 8 ק'.
חלק שלישי מחירו 80 קאפ', מב' בבד 90 קאפ'. פאר' 10 ק'.
כל שלשת החלקים (כל הספר) מכורכים יחד בבד הדר 2,10. פאר' 20 ק'.
נמצא להמכר גם בספרים קטנים: ספר א' ב' ה' כ"א 15 ק': ספר ג' ד' ו' ז' ח' ט' י' כ"א 20 ק'.
פאר' לכל ספר 2 ק'.

33] למען אחי הקטנים. שירי ילדים (פורמט גדול). א. ליבושיצקי.
מחירו 60 ק', מב' פשוט 75 ק', מב' הדר 85 ק'.
פארטא 10 ק', על ניר ריגאל 1 ר', מב' הדר 1.25.
פאר' 12 ק'.

34] הכנור. קובץ שירים לילדים ולבני הנעורים, מאת משוררים שונים. ספר ראשון: שירי הטבע. ספר שני: משלים. ספר שלישי: אגדות.
מחיר כל ספר 25 ק', מב' 35 ק'. פארטא 6 ק'.

35] פרקי אבות לבני הנעורים (עם תרגום רוסי והערות ובאורים). א. ליבושיצקי.
מחירו 25 ק', מב' בבד 35 ק'. פאר' 4 ק'.

36] בעיר וביער (משלים), ב"ח. י. שטינברג.
מחיר כל חלק 30 ק', מב' בבד 40 ק'. פאר' 4 ק'.
שני החלקים ביחד מכורך בבד 80 ק'. פאר' 8 ק'.

37] שיחות ילדים. קובץ אגדות מקוריות לילדים (פורמט גדול). מנוקד. הנ"ל.
מחירו 40 ק', מב' 65 ק'. פארטא 6 קאפ'.

38] כל אגדות ישראל (פורמט גדול, מנוקד, מאושר מטעה"מ). י. ב. לבנר.
חלק ראשון מחירו 75 ק', מב' הדר בבד 1 רובל. פאר' 8 ק'.
חלק שני מחירו 1.05 ר', מב' בבד 1.65, הדר בבד 1.75. פארטא 16 ק'.
שני החלקים מב' יחד הדר בבד 2.60. פאר' 24 ק'.

39] עולם קטן. עתון מצויר לבני הנעורים. מהדורא ראשונה.
65 חוברות בחמשה כרכים (13 חוב' בכל כרך).
כל כרך במחיר 1.50 רובל.
כל 26 חוב' מב' יחד 3 רובל.
כל הקבוצה ביחד מב' הדר 6 רובל.

40] לוח־עולם קטן. קובץ ספרותי ושמושי לבני הנעורים לשנת תרס"ג עם תמונות וציורים.
מחירו 75 קאפ', לחותמי ה„עולם קטן" רק 50 ק'. מב' בניר 10 ק' (מב' הדר 25 ק') בעד הכריכה.

41] ספר החנכה. מאסף לבני הנעורים עם תמונות וציורים.
מחירו 25 ק', מב' 40 ק'. פארטא 4 ק'.

42] פרקי תלמוד. כריסטומתיה תלמודית למתחילים, עם תרגום המלות התלמודיות ברוסית ואשכנזית (באותיות עבריות). א. ל. ביסקא.
מחירו 40 ק', מב' בבד 55 ק', פאר' 6 ק'.

43] מורה הסגנון ושמוש הלשון העברית (עם דוגמאות ופרקי שנון רבים לשמוש המעשי, וחלק מיוחד על תורת הנקוד לכל פרטיה). י. ח. טביוב.
מחירו 1 ר', מב' בבד 1.15. פאר' 14 ק'.

44] תורת הספרות, מורה חקי הסגנון הפרוזי והשירי ותורת הספרות לכל חלקיה השונים (עם דוגמאות רבות מכל מקצעות הספרות העברית בכל תקופותיה). ש. ל. גרדון.
מחירו 1 ר', מב' בבד 1.15. מב' הדר 1.25 ר'. פאר' 14 ק'.

45] מבחר הספרות, אנתולוגיה עברית, מכילה לקוטים נבחרים ממיטב הספרות העברית החדשה בשיר ובפרוזה של משוררינו וסופרינו הגדולים (עם תולדות כל סופר וערכו והערות נחוצות). י. ח. טביוב.
מחירו 90 ק', מכורך בבד הדר 1.15. פאר' 14 ק'.

46] תולדות היהודים (הסטורית פופולרית ערוכה לעם ולבני הנעורים). יעקב פרנקל.
מחיר חלק א', ב', ג', 50 ק' כ"א. פאר' 6 ק'; חלקי ד', ה' 75 ק' כ"א. פאר' 10 ק'. בשני כרכים מב' הדר כל כרך 1.75 ר'. פארטא 20 קאפ'

47] מלון של כים. מעברית לרוסית ואשכנזית (באותיות עבריות). מלון מלא ושלם לשפה העברית הישנה והחדשה, של התנ"ך, התלמוד והמדרשים ושל הספרות העברית החדשה. י. גרזובסקי וד"ר י. קלוזנר.
מחירו 2.35 רובל, מב' הדר 2.60. פארטא 20 ק'.

Издательство „ТУШІЯ", Варшава. — Verlag „TUSCHIJAH", Warschau.

## דר. מ. גראַדזיענסקי

ארדינאַדאָר אין קליניק פיר

אינערליכע קראנקהייטען

1—10 אין שפיטאל שוו. דוך (220)
נעהמט אָן קראנקע ביז האלב 11 פריה
אונ פון האלב 3 ביז 5 נאך מיטאג
ווארשוי, דזיקא 4 — (נאָוואָליפקי 6)

## י. שעקמאַן ווארשא.

פאבריק פון זילבער 84 פראָבע
(128) עט פלאַטעע־וואארען. 23 50

Ш. ШЕКМАНЪ Варшава, Налевки № 20.

מאנאָוויי נאלעווקי .20 פאבריק דזיקא .10

## בית־מסחר ספרים
## ב. צ. שיינפינקעל

וואַרשא זלאָטע 63

מוכר, קונה ומחליף כל מיני ספרים
(210) בתנאים נאותים למאד. 50—4

פאבריק פון פייערפעסטע 7—15 199

## אייזערנע קאססעס

עמפפעהלט איהר אויס-
ארבייטונג נאך נייעסטעם
סיסטעם, קאנקורירט מיט
די פרייזען און פערגרע-
סערט די №№ געגען
אנדערע פאבריקען
פרייז קוראנטען פראנקא

Ш. Хари, Варшава, Новолипье 40

**ТОЛЬКО** нѣсколькими рублями может каждый завести постоянный хорошій заработокъ у себя дома. Объясненіе безплатно.

Адресъ: **Я. Найдичъ, Варшава.**

## לעזט ביבער

אין 5 שפראכען

אין **צוקערמאַנ'ס** לייה-ביב-
10—3 ליאָטהעק 213

ווארשא, נאלעווקי 7.

## היימישע מיטטאגען!

צו מעססיגע פרייזען, אויך פער-
שיעדענע צייטונגען צום לעזען ביי

אהרן משכיל־לאיתן

ווארשא, גענשע 13, וואהנונג 7,
50-11 אין טהויער, 2 שטאק. (192)

בבית מסחר הספרים

## י. ראזומאווסקי בברדיטשוב

ובהמחלקה שלי בווארשא, נאלעווקי 34
אצל א. ציילענגאלד נמכרים כל מיני
(417) ספרים במקחים נמוכים. 3—50

## אהוב את המלאכה!

אללע סארטען שפיגעל מאכען
לערנט אויס גרינטליך, אויך
דורך בריעפע

דער 25-יעהריגער פראקטיקאנט אין דיא
שפיגעלפאבריקאציאן

Адресъ: **Юдку Вейнбляту**
Варшава, Слизкая 22.
(105) 25—5

## „Chromolin“

„כראָמאָלין“ דאס איינציגע ניט שאדליכע מיטטעל
צום פוצען אונ קאנסערווירען שוהווערק,
מאכט א זעלטענעם גלאנץ. פערקויף
אין שוהווערק מאגאזינען אונ אפטעקער
12—5 סקלאדעס (209)

אגענטען ווערדען געזוכט

**L. Schneider,**
Warszawa Nowy-Świat 34.

## אומזוסט אהן געלד!!

שיקט מען יעדען א ביבעל וועגען שניידען
אונ נייהען אלערליי מלבושים. אדרעסע:

Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.

## רעכט יודיש און געזונט

(219) איז פאר יעדע יודישע פרוי 25—1

## ~ מאנאטס־בינדען ~

קאסט צוזאמען מיט 12 קישעלעך נור 1.75 רובל שוין מיט פארטא.
די מאנאטס-בינדען זענען זעהר פראקטיש אונ נויטוועגדיג פאר
יעדע איינציגע פרוי, וואס זארגט פאר איהר געזונדהייט אונ יודישקייט.
די קישעלעך קאן מען שטעטס צו קויפען פאר 90 קאפ.
צו בעקומען ביים אפטיקער-ספעציאליסט

**37. Д. Мошковскій, Варшава, Налевки 37.**

## Paryzkie nowe modele

rekomenduje znany magazyn
**Okryć damskich, wierzchów do futer i kostjumów**
**D. Borodowski,** Warszawa, Leszno 9 m 4.
Na żądanie wykonywam wszelkie obstalunki
w 24 godzin.
(148) 25—10

## די קאנדיטעריי פון ברידער קאטליצקי
### אין ווארשא:

1) נאוואליפקי נומר 8 ביי האטעל „ראססיא“. — 2) פיליע: אייזערנער טהויער נומר 3 ביים זאקסישען גארטען

(טעלעפאן 1148 נומר)

נעמט אן אלערליי בעשטעלונגען פון קאנדיטעריי זאכען, ווי: טארטען, מאראז־שענע, קאנפעקטען, פיראמידען אונ פיראזשנעס. די אלע סארטען קען מען צו פסח בעקומען אין שטרענגסטע כשרות. בעשטעלונגען פון פרעמדע שטעדט ווערען פינקטליך פערפערטיגט אונ ארויסגעשיקט אויף מיטעלמעסיגע פרייזען. יעצט שיקט צו 25 פראצענט האנד געלד.
15—13 (174)

## סקלאד פאן מיהלענמאשינען
## PINKUS & KLEPFISCH
**Warszawa, Twarda Nr. 7.**

בעזיצט אויפן לאגער אלערארט מיהלען-מאשינען, אינלאנדישע אונ אויסלאנדישע, אלערליי ארטיקלען צו מיהלען געברויך.

בעסטע בעדינגונגען צו אלער בילינגסטען פרייזען.

עס ווערדען געזוכט פערטרעטער אין אלע גרויסע שטאָדט רייאנדם מיט זעהר גיטע בעדינגונגען.
4—8 214

## לשונות

אלערליי לעהרנט אויס יעדען גרינג אין א קורצער צייט מיט א גאר נייעם, ביז אהער נאך ניט געוועזענעם סיסטעם

## זכרון.

דעם זכרון פון יעדען מענשען (פון 8 יאהר אן ביז דער העכ-סטע עלטער) שטארט, שארפט אונ בעססערט אויס

דורך בריעף אויף פראסט יוריש (זשארגאן), לשון-קדש, רוסיש אונ פויליש דער בעוואוסטער פראפעסאר פון מנעמאניקע, דער חבר פון דער פאריזער אקאדעמיע, וועלכער בעשעפטיגט זיך מיט דער חכמה פון שטארקען אונ אויסשארפען דעם זכרון שוין העכער 16 יאהר, ש. פיינשטיין אין אדעסא. פראגראמעס פון די קורסען אונ פראספעקטען ווערען ארויס געשיקט פיר 1 מארקע פון 7 קאפ

Одесса, Коблев. д. 807. професору мнемоники

С. ФАЙНШТЕЙНУ.

(22) 2—1

## טאשען אוהרען בחצי חנם!

פיר 3 רובל מיט 50 קאפ. קאן יעדער איינציגער בעקומען פראנק און פריי צו הויזע פער נאכנאמע אהן האנדגעלד א עכט גוטען ניקעל רעמאנטער, וואס ציהט זיך אן ביין אויער איין מאל אין 36 שעה.

די זעלבע אוהרען אין **שווארצען שטאל** מיט 50 קאפ׳ טהייערער. — **עכט פערגאלדעטע** מיט גאראנטיע נור 5 רובל.

אום צו פערברייטערען אונזערע גוט בעקאנטע וואארע ווירד צוגעגעבען צו יעדע אוהר א עכט דובלע גאלדענע פאנצער קעטע מיט א ברעלאק **גאנץ אומזאנסט.** דער ברעלאק קאן זיין מיט א לארנעטקע וואס ציינט פערשיעדענע פיקאנטע בילדער פון דאמען געשלעכט.
6—5 (208)

אויך עלעגאנט אויסגעפיהרטע „מוזיק אוהרען סימפאניע“, זעלבסטשפיעלער וועלכע פיהרען אויס גאנץ הויך און לאנג אלע שאנסטע פאלקס ליעדער, מארשען, וואלצען, פאלקעס, אפערן א. ד. ג מיט עלעגאנטעם פאנטאזיגעם ציפערבלאט פיר 7 רובל 50 קאפ. מיט פארטא. — ½ שטיק נור 14 רובל.

יעדע אוהר איז אויסרעגולירט צו דער מינוטע, גאראנטירט פיר גוטען גאנג אויף 8 יאהר. בעשטעלונגען ווערען גלייכצייטיג און פינקטליך ארויס געשיקט

**Складъ Часовъ Ю. Якубовича, Варшава, С. Георгія 16.**

## הויז־דרוקערייא

מים מיינע טיפען-דרוקעריי גארניטורען אין אלען שפראכען אויך העברייאיש קאן יעדערמאן זעלבסט דרוקען אלעס וואס ער האבען וויל:

צוא בעציען אויס דער איינציגער פאבריק אין גאנץ רוססלאנד „ПОБѢДА“ передвижн. буквъ

**И. А. ЛЕВИНСОНА**
въ ОДЕССѢ, Пушкинская, уг. Полицейск. ул., 16
und in WIEN, Adlergasse 12.

„ПОБѢДА“ И.А.ЛЕВИНСОНЪ ОДЕССА-ВѢНА

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| גארניטור № 60 | מיט 100 | בוכשטאבען | 1.— | ר״ |
| „ № 62 | „ 200 | „ | 2.— | „ |
| „ № 63 | „ 335 | „ | 3.— | „ |
| גארניטור № 65 | מיט 540 | בוכשטאבען | 4.50 | |
| „ № 66 | „ 780 | „ | 6.— | |
| „ № 67 | „ 1160 | „ | 10.— | |

מיינע פאבריקען פערפערטיגען אויך שטעמפעל אונד זיעגעל נור פאָם בעסטען מאטעריאל פרייזקוראנטע ווערדען פערזענדעט נאך ערהאלט איינער פאסטמארקע 7 קאפ.

אגענטען ווערדען איבעראל געזוכט